וואַלדעמאַר באָנזעלס

# די בין מאַיאַ

פאַרלאַג קולטור־ליגע וואַרשע

וואלדעמאר באנזעלס

# די בין מאיא

## און וואָס מיט איר איז פאַרלאָפן

א ראמאן פאר קינדער

פון דייטש: — י. ראפאפארט

פארלאג „קולטור־ליגע" ווארשע 1928

## דאָס ערשטע קאַפּיטל

# מאַיאַ אַנטלױפֿט פֿון איר הײמשטאָט

װען די קלײנע מאַיאַ איז געבאָרן געװאָרן און אַרױסגעקראָכן פֿון איר קעמערל, איז אַרום איר אַרומגעגאַנגען אַן עלטערע בינען־פֿרױ. געהײסן האָט זי — קאַססאַנדראַ און געהאַט גרױס אַנזען אין בינשטאָק. עס האָט דעמאָלט געהערשט װײַער אַ צערודערטע צײַט, װײַל צװישן פֿאָלק פֿון די בינען איז דעמאָלט אױסגעבראָכן אַן אױפֿשטאַנד און די מלכּה איז נישט בכּח געװען אים אײַנצושטילן.

בעת די דערפֿאַרענע קאַססאַנדראַ האָט טרוקן געמאַכט די גרױסע בלישטשנדיקע אױגן פֿון דער קלײנער מאַיאַ, װאָס אירע איבערלעבונגען גײ איך דאָ דערצײלן, און אַביסל געבראַכט אין אָרדנונג אירע צאַרטע פֿליגעלעך, — האָט דער גרױסער בינשטאָק מוראַדיק געזשומעט. די קלײנע מאַיאַ האָט אײַנגעפֿונען, אַז ס'איז צו װאַרעם, און זי האָט עס טאַקע אַרױסגעזאָגט איר באַגלײטערין.

קאַססאַנדראַ האָט זיך אומרויִק אַרומגעקוקט, אָבער זי האָט דער קלײגער נישט גלײַך געענטפֿערט. ס'האָט זי געװוּנדערט, װאָס דאָס קינד קומט שױן אַזױ פֿרי מיט טענות. אָבער אין תּוך גענומען איז עס געװען ריכטיק: די װאַרעמקײט און דער געדראַנג זענען געװען נישט אױסצוהאַלטן. מאַיאַ האָט כּסדר געזען, װי בינען נאָך בינען אײַלן פֿאַרבײַ איר, די שטופּעניש און די יאָגעניש זענען אַזױ גרױס געװען, אַז אָפּטמאָל פֿלעגט אײנע אַריבערקלעטערן איבער דער צװײטער

און אנדערע ווידער פלעגן זיך פאַרביקייקלען, צענויפגעקנוילפט אין הויפנס.

איינמאָל איז די מלכּה געווען נאָענט פון איר. קאַסאַנדרא מיט מאַיאַן זענען אַביסל אָפּגעשטויסן געוואָרן אין אַ זייט, אָבער אַ דרוין, אַ פריינטלעכער יונגער בינען־הער מיט אַ גוטן אויסזען, איז זיי צוהילף געקומען. ער האָט זיך באַגריסט צו מאַיאַן און מיטן פאָדערשטן פוס, וואָס ווערט באַנוצט ביי די בינען אַלס אָרעם און האַנט, האָט ער אַ ביסעלע אַנ׳אויפגעי־רעגטער זיך געגלעט זיינע גלאַנציקע ברוסט־האָר.

„דאָס אומגליק וועט געשען", האָט ער געזאָגט צו קאַס־סאַנדראַן. די מחנה רעוואָלוציאָנערן וועט פאַרלאָזן די שטאָט. זיי האָבן שוין אויסגערופן אַ נייע מלכּה".

קאַסאַנדרא האָט אויף אים כמעט ווי נישט געלייגט קיין אכט. אפילו פאַר זיין הילף האָט זי נישט געדאַנקט, און מאַיאַ האָט גאַנץ דייטלעך געשפּירט, אַז די אַלטע פרוי האָט באַ־האַנדלט דעם יונגן הער זייער נישט פריינטלעך. זי האָט זיך נישט דערוועגט וועגן אַלץ נאָכצופרעגן. די איינדרוקן זענען אַלע געקומען אַזוי ראַש איינער נאָכן צווייטן, אַז אָט־אָט ווערט זי דערדריקט. די אויפרעגונג פון אַרום האָט זי אָנגעשטעקט און זי האָט אָנגעהויבן פיין און קלאָר צו זשומען.

„וואָס טוט זיך מיט דיר", האָט געזאָגט קאַסאַנדרא.

„איז נאָך ווייניק טומל ?"

מאַיאַ איז גלייך שטיל געוואָרן און אָנגעשטעלט אירע פרעגנדיקע אויגן אויף דער עלטערער חברטע.

„קום אַהער", האָט זי געזאָגט צו מאַיאַן, „מיר וועלן פּרוּוון זיך דאָ אַביסל אָפּרוען".

זי האָט מאַיאַן אַ צי געטאָן פאַר איר שיינעם גלאַנצי־דיקן פליגל, וואָס איז נאָך געווען ווייך, ניי און וווּנדערבאַר דורכזיכטיק, און זי אַוועקגעשלעפּט אין אַ אָפּגעלעגן ווינקל נעבן אַ פּאָר סאָטעס־שענקלעך, אָנגעפילטע מיט האָניק.

מאַיאַ איז שטיין־געבליבן און זיך פעסט אָנגעהאַלטן אין איינעם פון די סאָטעס־שענקלעך.

„דאָ שמעקט זייער גוט״, האָט זי געזאָגט צו קאַסאַנ-
דראַן.

די אַלטע איז ווידער געוואָרן שטאַרק דענערווירט:

„מוזט זיך אויסלערנען וואַרטן״, האָט זי געענטפערט. „קינד, היינטיקן פרילינג האָב איך שוין אַ סך הונדערטער יונגע בינען דערצויגן און זיי צוגעגרייט צו זייער ערשטן אַרויספלי, אָבער כ׳האָב נאָך קיין איינע נישט געטראָפן, וואָס זאָל זיין אַזוי איבערגעשפּיצט ווי דו: אַ פּנים, דו ביסט גאָר אַן אויסנאַם-נאַטור״.

מאַיאַ האָט זיך פאַררויטלט און ביידע צאַרטע פינגערלעך פון איר האַנט אַריינגעלייגט אין מויל:

„וואָס איז דאָס אַזוינס״, האָט זי געפרעגט שעמעוודיק, „אַן אויסנאַם-נאַטור?״

„אָ, דאָס איז עפּעס גאָר אומאַנשטענדיקס״, האָט אויסגערופן קאַסאַנדראַ, וועלכע האָט באמת געמיינט דערמיט די האַנט-באַוועגונג פון דער קליינער בין און איר פראַגע דורכגעלאָזן פאַרביי די אויערן. „איצט לייג צו קאָפּ צו אַלץ, וואָס כ׳וועל דיר זאָגן, ווייל כ׳קען דיר שענקען גאַנץ ווייניק צייט, עס האָבן זיך שוין ווידער אויסגעפּיקט קליינוואַרג און מיין איינציקע געהילפין אויפן דאָזיקן שטאָק, טורקאַ, איז חוץ-דעם שטאַרק אויסגעשעפּט און האָט זיך די לעצטע טעג געקלאָגט אויף אַ רויש אין די אויערן. זעץ זיך צו אָט דאָ״.

מאַיאַ האָט געפאָלגט און מיט אירע גרויסע ברוינע אויגן געקוקט אויף איר לערערין.

„דער ערשטער כלל, וועלכן אַ יונגע בין מוז גוט געדענקען״, האָט קאַסאַנדראַ געזאָגט און אָפּגעזיפצט, „איז דער, אַז אין אַלץ וואָס זי טראַכט און טוט, מוז זי גלייך זיין צו די אַנדערע בינען און זי מוז טראַכטן וועגן טובת הכלל. ביי דער מלוכה-אָרדנונג, וועלכע מיר האָבן פון שטענדיק אָן דערקענט אַלס די ריכטיקסטע און וועלכע האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן אַלס די בעסטע, איז דאָס דער איינציקער יסוד פאַרן וווּיל פון דער מלוכה. מאָרגן וועסטו אַרויספליען. אַן עלטערע חבר-

טע וועט דיך באַגלייטן. צוערשט דאַרפסטו דורכפליען נאָר קליינע שטרעקעס און מוזט זיך גוט צוקוקן צו די געגנשטאַנדן פאַרביי וועלכע דו פליסט דורך, כדי דו זאָלסט תמיד קענען געפינען דעם וועג צוריק. דיין באַגלייטערין וועט דיך באַקענען מיט די הונדערט בלומען און בליטן, וועלכע האָבן דעם בעסטן האָניק, און דידאָזיקע מוזטו קענען אויף אויסנווייניק, דאָס מוז יעדע בין דורכנעמען. די ערשטע פאָר קאָנסטו גלייך אויס־לערנען: „פעלדקרוויט און לינדנבליטן״. חזר איבער.

„דאָס קאָן איך ניסט״, האָט די קליינע מאַיאַ געזאָגט, „דאָס איז שרעקלעך שווער. איכ׳ל דאָס סיי ווי שוין זען שפּעטער״.

די אַלטע קאַסאַנדראַ האָט אויפגעעפנט אַ פּאָר אויגן און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

„מיט דיר וועט זיך שלעכט ענדיקן״, האָט זי אָפּגע־זיפצט, „דאָס זע איך שוין פאָרויס״.

„וועל איך דען שפּעטער אַ גאַנצן טאָג דאַרפן זאַמלען האָניק?״ האָט די קליינע מאַיאַ געפרעגט.

קאַסאַנדראַ האָט טיף אָפּגעזיפצט און אַ קורצע ווײַלע ערנסט און טרויעריק באַטראַכט די קליינע בין. ס׳האָט אויס־געזען, ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט אין איר אייגן לעבן, וואָס איז פון אָנהויב ביזן סוף פול געווען מיט מי און אַרבעט. דערנאָך האָט זי געוואָרפן אַ בליק פול מיט ליבע אויף מאַ־יאַן און געזאָגט שוין מיט אַ פאַרענדערטער שטים:

„מיין קליינע מאַיאַ, דו וועסט דערקענען דעם זונען־שיין, הויכע גרינע ביימער און בליענדיקע לאָנקעס מיט בלו־מען, זילבערנע סאַזשעלקעס און שנעלע בלישטשנדיקע טייכ־לעך, דעם שטראַלנדיקן בלויען הימל, און צולעצט, אפשר אויך דעם מענטשן, וועלכער איז דאָס העכסטע און פולקאָ־מענסטע, וואָס די נאַטור האָט באַשאַפן. מער אָבער ווי די דאָזיקע אַלע הערלעכע זאַכן וועט דיר דיין אַרבעט פאַרשאַפן פרייד. זע, דאָס אַלץ וואַרט אויף דיר, קרוינעלע, דו האָסט אַ גרונט צו זיין גליקלעך״.

„גוט", האָט די קליינע מאַיאַ געזאָגט, „דאָס וויל איך טאַקע".

קאַססאַנדראַ האָט מילד צוגעשמייכלט. זי האָט אַליין נישט געוווּסט פוּן וואַנעט עס נעמט זיך, אָבער פּלוצלונג איז זי פיל געוואָרן מיט אַ באַזונדער מין ליבע צו דער קליינער מאַיאַ, ווי זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געשפּירט צו קיין אַנ־דער יונגער בין. און דערמיט לאָזט זיך דערקלערן, וואָס זי האָט דער קליינער מאַיאַ געזאָגט און דערציילט מער, וויפל די בינען הערן געוויינלעך אין זייער ערשטן לעבנסטאָג. זי האָט איר געגעבן אַלערליי באַזונדערע עצות, געוואָרנט פאַר די סכנות פון דער שלעכטער אַרומיקער וועלט און איר אָנ־געוויזן די געפערלעכסטע פיינט, וועלכע דאָס בינען־פאָלק פאַר־מאָגט. צום סוף האָט זי אויך פיל גערעדט וועגן דעם מענטשן און זי האָט אין האַרצן פון דער קליינער בין פאַרפלאַנצט ערשטע ליבע צום מענטש און דעם שפּראָצל פון אַ גרויסער בענקשאַפט אים צו דערקענען.

„זיי העפלעך און ליבנסווירדיק לגבי אַלע אינזעקטן, וועלכע ־ באַגעגנסט", האָט זי געזאָגט צום סוף, „דאַמאָלסט וועסטו פון זיי לערנען מער, ווי איך קען דיר היינט זאָגן, אָבער היטן זאָלסטו זיך פאַר די האָרן־בינען און וועספּעס. די האָרן־בינען זענען אונזערע מעכטיקסטע און גרויזאַמסטע שונאים, און די וועספּעס זענען אַ נוצלאָז רויבער־פאָלק אָן אַ היימלאַנד און אָן אַ גלויבן. מיר זענען שטאַרקער און מעכטי־קער פאַר זיי, אָבער זיי גנבענען און מאָרדן ווו זיי קענען נאָר. דו קענסט באַנוצן דיין גיפטל קעגן אַלע אינזעקטן, כדי זיך צו פאַרטיידיקן און אַרויסרופן דרך־ארץ צו זיך. וועסטו אָבער מיט דיין גיפטל שטעכן אַ וואַרעם־בלוטיקן בעל־חי, אָדער נאָר אַ מענטשן, דאַן מוזטו שטאַרבן, ווייל אין זייער הויט בלייבט דיין גיפט־נאָדל שטעקן און ברעכט זיך איבער. אַזעל־כע באַשעפענישן דאַרפסטו שטעכן נאָר אין פאַל פון העכסטער נויט, אָבער דעמאָלט טו עס מוטיק און האָב קיין מורא נישט פאַרן טויט, ווייל די גרויסע חשיבות און אַכטונג, וועלכע מיר

בינען געניסן אומעטום, האָבן מיר נאָר אַ דאַנק אונזער מוט און קלוגשאַפט. און איצט, קליינע מאַיאַ, זיי געזונט, זאָל דיר גיין מיט גליק אין דער וועלט און זיי געטריי דיין פאָלק און דיין מלכה".

די אַלטע לערערין האָט איר אַ קוש געטאָן און אַרומגענומען און די קליינע בין האָט זיך פאַרנייגט און געענטפערט מיט דעם זעלבן. מיט באַהאַלטענער פרייד און אויפרעגונג האָט זי זיך געלייגט שלאָפן און פון גייגעריקייט האָט זי קוים געקענט איינדרימלען, וואָרום פון מאָרגנדיקן טאָג האָט זי דאָך געדאַרפט דערקענען די גרויסע וועלט, די זון, דעם הימל און די בלומען.



דערווייל האָט זיך די בינען־שטאָט באַרויקט. אַ גרויסער טייל יינגערע בינען האָט פאַרלאָזן די מלוכה, כדי אויפצובויען אַ צווייטע. לאַנג האָט מען געהערט, ווי די גרויסע מחנה בינען האָט גערוישט אין זונען־ליכט. דאָס איז נישט געשען פון פאַררייסנקייט, אָדער פון בייזע כוונות קעגן דער מלכה, נאָר פשוט, דאָס פאָלק האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרמערט, אַז די שטאָט האָט מער קיין אָרט נישט געהאַט פאַר אַלע איינוווינער און ס'איז אוממעגלעך געווען צונויפצוזאַמלען אַזעלכע האָניק־זאַפאַסן, וואָס זאָלן אַלעמען קאָנען שפּייזן איבערן ווינטער. וואָרום לויט אַן אַלטן מלוכה־אָפּמאַך האָט אַ גרויסער טייל האָניק, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן זומער, געמוזט גיין פאַרן מענטשן. דערפאַר האָבן די מענטשן געזיכערט דעם ווילשטאַנד פון דער שטאָט, האָבן געזאָרגט פאַר איר רו און זיכערקייט און ווינטערצייט — פאַר שוץ קעגן קעלט.

אויפצומאָרגנס האָט מאַיאַ דערהערט ביי איר געלעגער אַ פריילעכן רוף:

„די זון איז אויפגעגאַנגען!"

זי איז תיכף אויפגעשפרונגען און צוגעשטאַנען צו אַ האָניק־טרעגערין.

„גוט", האָט דידאַ־יקע פריינטלעך געזאָגט, „דו קענסט פליען מיט מיר".

ביי דער טיר האָבן זי די העכסער אָפּגעשטעלט. ס'איז געווען אַ מוראדיקער געדראַנג. איינער פון די טיר־שומרים האָט דער קליינער מאַיאַ איבערגעגעבן דאָס פּאַראָל־וואָרט פון איר פאָלק, וואָס אָן אים וועט קיין איין בין נישט אַריבער־געלאָזן איבער דער שוועל פון דער שטאָט.

„נעם עס גוט אַריין אין קאָפּ", האָט ער געזאָגט, „און האָב פיל גליק אויף דיין ערשטן וועג".

ווען די קליינע בין האָט פאַרלאָזן דעם שטאָט־טויער, האָט זי געמוזט צומאַכן די אויגן פאַר דער שפע ליכט, וואָס האָט איר געשטראָמט אַנטקעגן. אַ גלאַנץ פון גאָלד און גרין איז אַזוי רייך און וואַרעם און שטראַלנדיק געווען אויסגעגאָסן איבער אַלץ, אַז פאַר דערקוויקונג האָט זי נישט געוווסט, וואָס זי זאָל טאָן, אָדער זאָגן.

„דאָס איז באמת פּרעכטיק", האָט זי געזאָגט צו איר באַגלייטערין. „פליט מען אַריין אין דעם?!"

„אין אַ מזלדיקע שעה!" — האָט די אַנדערע געענטפערט.

די קליינע מאַיאַ האָט אויפגעהויבן איר קעפל, גענומען באַוועגן מיט אירע שיינע נייע פליגלען און מיטאַמאָל האָט זי דערשפירט, אַז דאָס ברעטל, אויף וועלכן זי איז געזעסן, הויבט אָן צו פאַרזינקען. און גלייכצייטיק איז איר פאָרגעקו־מען, ווי די ערד וואָלט זיך געגליטשט אונטער איר, געגליטשט אויף צוריק און ווי די גרויסע גרינע געוועלבן, וואָס פאַר איר, וואָלטן זיך דערנעענטערט צו איר.

די אויגן אירע האָבן געגלאַנצט, איר האַרץ האָט זיך געפרייט.

„איך פלי", האָט זי אויסגערופן, „דאָס וואָס איך טו, קען זיין בלויז איינס: פליען! דאָס איז אָבער אינדעראמתן עפּעס אויסערגעוויינלעכעס".

„יאָ, דו פליסט", האָט געזאָגט די האָניק־טרעגערין, וועל־בע האָט זיך קוים געהאַלטן ביי מאַיאַס זייט. „דאָס זענען די

לינדן, צו וועלכע מיר פליען צו, אונזערע שלאָס-לינדן, לויט זיי קענסטו זיך מערקן די לאַגע פון אונזער שטאָט. אָבער דו פליסט באמת זייער שנעל, מאַיאַ".

„ווי שנעל מ'זאָל נישט פליען, איז אַלץ ווייניק", האָט אָפגעענטפערט מאַיאַ. „אָ, ווי דער זונען-שיין שמעקט!"

„ניין", האָט געזאָגט די האָניק-טרעגערין, ווען ס'האָט שוין אַביסל אויסגעפעלט אָטעם, „דאָס שמעקט די בליעכץ. אָבער איצט פלי לאַנגזאַמער, אַנישט וועל איך אָפּשטיין, און חוצדעם וועסטו אויף אַזאַ אופן נישט אימשטאַנד זיין דערקענען די געגנט אויף צוריקוועגס".

אָבער די קליינע מאַיאַ האָט זיך נישט צוגעהערט. זי איז פאַרשכורט געווען פון פרייד, זון און לעבנס-גליק. איר איז פאָרגעקומען, ווי זי וואָלט זיך געטראָגן פייל-פון-בויגן דורך אַ גרין-לויכטנדיקן ים ליכט צו אַלץ אַ גרעסערער הער-לעכקייט אַנטקעגן, די בונטע בלומען האָבן זי ווי געררופן, די שטילע באַלויכטענע ווייטן האָבן זי געלאָקט צו זיך און דער בלויער הימל האָט געשיקט זיין ברכה איר יובלדיקן יוגנט-פלי. אַזוי שיין ווי ס'איז היינט, האָט זי געטראַכט, וועט שוין קיינמאָל מער נישט זיין, איך קען זיך נישט אומקערן, איך קען וועגן קיין זאַך נישט טראַכטן, אַ חוץ וועגן דער זון.

די בונטע בילדער אונטער איר האָבן זיך געהאַלטן אין איין בייטן, לאַנגזאַם און ברייט האָט זיך דאָס פרידלעכע לאַנד געצויגן אין ליכט אריין. די גאַנצע זון מוז זיין פון גאָלד, האָט די קליינע בין געטראַכט.

אָנגעקומען איבער אַ גרויסן גאָרטן, וואָס איז געווען אַזוי ווי איינגעזוונקען אין בליענדיקע וואָלקנס פון קאַרשנביימער און בעז, האָט זיך מאַיאַ אַ טויט-מידע אַראָפּגעלאָזט. זי איז אַראָפּ-געפאַלן אין אַ בייט פון רויטע טולפּעס און זיך אָנגעקלאַ-מערט אין איינער פון די גרויסע בלומען, זיך צוגעפרעסט צו דער בלומענוואַנט. באַרוישט פון גליק האָט זי טיף געאָטעמט און איבער די בלישטשנדיקע ליכט-ראַנדן פון דער בלום באַ-טראַכט דעם שטראַלדיק-בלויען הימל.

„אָ, אין דער גרויסער דרויסנדיקער װעלט איז טויזנט מאָל שענער״, האָט זי אויסגעריפן, „װי אין דער טונקעלער בינען־שטאָט. כ׳װעל קיינמאָל נישט צוריקקערן אהין, כּדי צו טראָגן האָניק, אָדער מאַכן װאַקס. אָ ניין, כ׳װעל דאָס קיינ־מאָל נישט טאָן. איך װיל זען און דערקענען די בּליענדיקע װעלט, איך בּין נישט גלייך צו די אַנדערע בינען, מיין האַרץ איז באַשאַפן פאַר פרייד און איבּעראַשונגען, פאַר איבּערלעבּונגען און געשעענישן. כ׳װיל זיך נישט שרעקן פאַר קיין שום סכּנות, האָב איך דען נישט קיין קראַפט און מוט און אַ גיפטל ?

זי האָט געלאַכט פון שטיפערישקייט און פרייד און זי האָט אַ שטאַרקן זופּ געטאָן פונם האָניק־זאַפט אין דעם טולפּע־בּעכער.

אויסגעצייכנט, האָט זי געטראַכט, ס׳איז באמת אַ מחיה צו לעבּן.

אַך, װען די קליינע מאַיאַ װאָלט פאַרויסגעזען, סאַראַ פאַרשידענע סכּנות און נויטן עס שטייען איר פאַר, װאָלט זי זיך געװיס באַקלערט. זי האָט עס אָבּער נישט פאַרויסגעזען און געבּליבּן ביי איר באַשלוס. איר מידקייט האָט זי באַלד באַהערשט און זי איז איינגעשלאָפן. װען זי האָט זיך אויפ־געכאַפּט, איז שוין די זון נישט געװען און די ערד איז גע־לעגן אין טונקלקייט פון צװישן טאָג און נאַכט. דאָס האַרץ האָט מאַיאַן אַביסל געקלאַפּט, און זי האָט נישט־דרייסט פאַר־לאָזן די בּלום, װעלכע האָט זיך געקליבּן צו פאַרמאַכן אויף באַנאַכט. זי איז פאַרקראָכן אונטער אַ גרויסן בּלאַט אין דער הויכער קרוין פון אַן אַלטן בּוים, און ביים איינשלאָפן האָט זי געטראַכט מיט זיכערקייט:

איך װיל נישט פאַרלירן דעם מוט גלייך ביים ערשטן טריט. די זון װעט װידער קומען, דאָס איז זיכער, קאַססאַנדר־אַ האָט עס געזאָגט, מ׳דאַרף נאָר פעסט און רויק שלאָפן.

---

## דאָס צווייטע קאַפּיטל

# פּעפּפּיס רויזנהויז

ווען די קליינע מאַיאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען ליכטיק. זי איז אַביסל פאַרפרוירן געוואָרן אונטער איר גרויסן גרינעם בלאַט, און די ערשטע באַוועגונגען, וואָס זי האָט געמאַכט, זענען איר אָנגעקומען מיט מי און געווען לאַנג-זאַם. זי האָט זיך פעסט אָנגעהאַלטן אָן אַן אָדערל פון בלאַט און אָנגעהויבן אַרבעטן מיט די פליגל און שימערירן, כדי זיי זאָלן ווערן בויגיק און פריי פון שטויב. דערנאָך האָט זי צו-געגלעט אירע בלאָנדע האָר און קלאָר אויסגעווישט אירע גרוי-סע אויגן. פאַרזיכטיק איז זי צוגעקראָכן אַ ביסל ווייטער, ביז צום ראַנד פון בלאַט, און זיך אַרומגעקוקט.

די פּראַכט און דער גלאַנץ פון דער אַרומיקער מאָרגנזון האָבן איר פאַרבלענדט. הויך איבער איר האָבן די בלעטער געלויכטן ווי גרין גאָלד, אָבער דאָרט, וווּ זי איז אַליין גע-זעסן, איז נאָך געווען קיל און שאָטן.

אָ, דו הערלעכע וועלט, האָט אַ טראַכט געטאָן די קליי-נע בין.

און ביסלעכווייז זענען איר געקומען אין זכרון אַלע אי-בערלעבונגען פון פאַרגאַנגענעם טאָג, אַלע סכנות און אַלע שיינקייטן, וועלכע זי האָט צוגעזען. אָבער זי איז געבליבן ביים פעסטן באַשלוס נישט צוריקצוקערן אין בינשטאָק. אמת, ווען זי האָט זיך דערמאָנט וועגן קאַססאַנדראַן, האָט איר גע-נומען קלאַפּן דאָס האַרץ, ס'איז אָבער געווען אוממעגלעך, אַז

קאַסאַנדראַ זאָל זי אַמאָל אויפזוכן. ניין, וואָס איז דאָס פאַר א פאַרגניגן כסדר אַריינפליען און אַרויספליען פון בינשטאָק, טראָגן האָניק, צוגרייטן וואַקס. זי האָט געוואָלט זיין גליקלעך און פריי און געניסן דאָס לעבן אויף איר אייגענעם שטייגער. ס'מעג זיך זיין, וואָס עס וויל, זי וועט אַלץ איבערטראָגן. געוויס, מאַיאַ האָט געטראַכט אַזוי לייכטזיניק דערפאַר, ווייל זי האָט נישט געהאַט קיין ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגן דעם אַלעם, וואָס איר איז נאָך פאָרגעשטאַנען.

ערגעץ־ווו ווייט אין דער זון האָט רויט שימערירט. מאַ־יאַ האָט עס דערזען גלאַנצן און לויכטן און אַ פאַרבאָרגענע אומגעדולד האָט זי אַרומגענומען. זי האָט אויך דערפילט, אַז זי איז הונגעריק. האָט זי זיך מוטיק אויפגעהויבן פון איר באַהעלטעניש מיט אַ קלאָרער פריידיקער זשומעריי און זיך טיף אַריינגעשניטן אין דער העלער שימערירנדיקער לופט און אין וואַרעמען זונענשיין. זי איז רויק געפלויגן גלייך צום רויטן בלומענליכט, וואָס האָט אַזוי ווי צוגעווונקען צו איר, און ווען זי איז שוין געווען נאָענט, האָט זי דערשפירט דעם אָטעם פון אַזאַ זיסן אַראָמאַט, אַז זי האָט שיר נישט פאַרלאָרן דעם באַ־וווסטזיין און בלויז מיט גרויס מי דערגרייכט די גרויסע רויטע בלום. זי איז אַרויפגעפלויגן אויף דאָס לעצטע גע־וועלבטע בלומען־בלאַט און זיך פעסט אָנגעהאַלטן. דאָס בלאַט האָט זיך גענומען פאַמעלעך באַוועגן, און צוזאַמען מיט דער באַוועגונג האָט זיך איר גענומען קייקלען אנטקעגן אַ פינקל־דיקער זילבערנער קויל, כמעט אַזוי גרויס ווי זי אַליין, דורכ־זיכטיק און שימערירנדיק אין אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן. מאַיאַ איז שרעקלעך דערשראָקן געוואָרן, כאָטש גלייכצייטיק האָט איר די פראַכט פון דאָזיקן קילן זילבערנעם קויל אַנט־ציקט. דער דורכזיכטיקער קויל האָט זיך פאַרבייגעקייקלט, זיך אַריבערגעבויגן איבערן ראַנד פון בלאַט, אַריינגעשפרונגען אין זונענשיין און אַראָפגעפאַלן אין גראָז.

מאַיאַ האָט אַרויסגעלאָזן אַ שטילן שרעק־געשריי, ווען זי האָט דערזען, אַז דער שיינער קויל איז אונטן צעשפרונ־

בען געוואָרן אין אַ סך קליינינקע פּערעלעך. אָבער איצט האָבן זיי אין גראָז שימערירט לעבעדיק און פריש, אַראָפּגערונען אין ציטערדיקע טראָפּנס איבער די שטענגלעך, און געפּונקלט, ווי עס בליצן דימענטן אין לאָמפּן-ליכט. מאַיאַ האָט דערקענט, אַז דאָס איז געווען אַ גרויסער וואַסער-טראָפּן וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט משך דער פייכטער נאַכט אין בעכער פון בלום.

ווען זי האָט זיך ווידער אומגעקערט צום בלום, האָט זי דערזען זיצן ביים אַריינגאַנג פון בלומענבעכער אַ זשוק מיט ברוינע פליגל-צודעקן און אַ שוואַרצן ברוסט-פּאַנצער. ער איז געווען נישט קיין סך קלענער פאַר איר, ער איז געבליבן זיצן רויק אויף זיין פּלאַץ און זי ערנסט, אָבער נישט אומ-פריינטלעך באַטראַכט.

מאַיאַ האָט אים העפלעך באַגריסט.

„האָט דער קויל געהערט צו אייך?“ האָט זי געפרעגט. און ווען דער זשוק האָט נישט אָפּגעענטפערט, האָט זי צוגע-געבן: „איך באַדויער זייער, וואָס כ'האָב אים אַראָפּגעוואָרפן“.

„איר מיינט דעם טוי-טראָפּן?“ האָט דער זשוק געפרעגט און געשמייכלט אַ ביסל פון אויבן אַראָפּ. „דאָס דאַרף אייך נישט פאַרשאַפן קיין זאָרג. איך האָב זיך שוין געהאַט אָנגע-טרונקען, און מיין ווייב טרינקט קיינמאָל קיין וואַסער נישט, ווייל זי ליידט אויף די נירן. וואָס טוט איר דאָ?“

„וואָס איז דאָס פאַר אַ הערלעכע בלום?“ האָט מאַיאַ געזאָגט, נישט ענטפערנדיק אויף זיין פראַגע. „וועט איר אפשר זיין אַזוי גוט און מיר זאָגן ווי זי הייסט?“

זי האָט זיך דערמאָנט אין קאַססאַנדראַס עצהס און גע-ווען העפלעך ווי נאָר מעגלעך.

דער זשוק האָט באַוועגט זיין הוילן גלאַנצנדיקן קאָפּ אין רוקן-פּאַנצער. דאָס איז אים געווען לייכט און אָנגענעם צו מאַכן, ווייל יענער איז געווען אויסגעצייכנט אַריינגעפּאַסט און אָן גערויש זיך באַוועגט אַהין און אַהער.

„איר זענט אפנים ערשט פון נעכטן?“ האָט ער געפרעגט

און דערבײַ זיך צעלאַכט, שוין גאָר נישט העפלעך, איבער מאַיאַס אומוויסנקייט. בכלל האָט ער געהאַט אין זיך עפּעס אזוינס, וואָס מאַיאַ האָט געהאַלטן פאַר נישט-פײַן. די בינען זענען געווען געבילדעטער און זיך בעסער געקענט האַלטן. אָבער פונדעסטוועגן האָט דער זשוק געמוזט זײַן אַ גוטמוטי-קער, ווײַל דערזעענדיק, ווי מאַיאַס באַקן האָבן זיך פון צע-מישונג באַגאָסן מיט אַ דעליקאַטער רויטקייט, איז ער געוואָרן אַביסל מילדער צו איר אומוויסנקייט.

„דאָס איז אַ רויז", האָט ער געזאָגט, „איצט וועט איר עס שוין וויסן. מיר האָבן זיך אין איר אַרײַנגעצויגן מיט פיר טעג צוריק און ווײַל מיר האָבן געזאָרגט פאַר איר, האָט זי זיך פאַר דער צײַט פּרעכטיק צעבליט. קען איך אײַך פאַר-בעטן אַביסל נענטער?"

מאַיאַ האָט זיך געקווײַנקלט, אָבער גובר געווען איר שרעק און געמאַכט אַ פּאָר טריט. דער זשוק האָט אָפּגערוקט אין אַ זײַט אַ העל בלעטעלע און צוזאַמען זענען זיי אַרײַנ-געגאַנגען אין די שמאָלע צימערלעך מיט העל-רויטע, שמע-קענדיקע ווענט און מאַטער ליכט.

„בײַ אײַך איז באמת וווּנדערשיין", האָט געזאָגט מאַיאַ, וועלכע איז אויפריכטיק ענטציקט געווען. „און פון דעמדאָ-זיקן אַראָמאַט פאַרדרייט זיך ממש דער קאָפּ."

דער זשוק איז געווען שטאַרק צופרידן, וואָס זײַן וווי-נונג האָט אַזוי אויסגענומען אין מאַיאַס אויגן.

„מ׳מוז וויסן ווו צו וווינען", מאַכט ער און שמייכלט גוטמוטיק. „זאָג מיר, ווו דו האַלטסט זיך אויף, און איך וועל דיר זאָגן ווי גרויס דײַן ווערט איז", זאָגט אַן אַלט שפּריכוואָרט. ווילט איר אפשר אַביסל האָניק?"

„אַך", האָט זיך מאַיאַ אָנגעכאַפּט, „דאָס וואָלט באמת נישט געשאַדט."

דער זשוק האָט זיך פאַרנייגט און פאַרשוווּנדן געוואָרן הינטער איינער פון די ווענט. מאַיאַ האָט זיך גליקלעך אַרומ-געקוקט. זי האָט צוגעדריקט איר באַק און אירע הענטלעך צו

די צאַרטע רויט-לויכטנדיקע פאַרהאַנגען, האָט אַריינבעאָטעמט דעם וואונדערבאַרן ריח און געוועזן איבערגליקלעך פון פרייד, וואָס איר איז באַשערט זיך צו געפינען אין אַזאַ שיינער וווינונג. ס'איז, באמת, אַ גרויס פאַרגעניגן צו לעבן, האָט זי געטראַכט, און דידאָזיקע וווינונג לאָזט זיך גאָרנישט פאַרגלייכן מיט די דומפּיקע און אָנגעשטאָפּטע שטאָקן, אין וועלכע מיר לעבן און אַרבעטן. שוין די שטילקייט אַליין, וואָס דאָ הערשט, איז הערלעך.

פּלוצלונג האָט מאַיאַ דערהערט, ווי דער זשוק זידלט זיך עפּעס אין דערהויך הינטער די ווענט. ער האָט בייז און אויפגערעגט געברומט, און מאַיאַן האָט זיך אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט דאָרט עמיצן אָנגעכאַפּט און אים גראָב אַ שטויס געטאָן פון זיך. דערווייל איז צו איר דערגאַנגען אַ העל שטימעלע פול מיט אַנגסט און פאַרדרוס, און זי האָט פאַרשטאַנען די ווערטער:

„פאַרשטייט זיך, ווען איך בין איינע אַליין, קענט איר זיך דערוועגן צוקומען צו נאָנט צו מיר! לאָמיר אָבער זען, ווי אַזוי איר וועט אויסקיקן, ווען איך וועל רופן מיינע חברים. איר זענט אַ גרוביאַן. גוט, איך גיי אַוועק. אָבער דעם צונאָמען, וועלכן כ'האָב אייך געגעבן, וועט איר שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן".

דעם פרעמדנס איבערצייגנדיקע שטימע, וועלכע האָט געקלונגען שאַרף און בייז, האָט אָנגעוואָרפן אויף מאַיאַן אַ פּחד. זי האָט נאָך געהערט, ווי עמיצער דערווייטערט זיך אין איילעניש.

דער זשוק איז צוריקגעקומען און אַ ברוגזער אַ וואָרף געטאָן אַ קייקעלע האָניק.

„ס'איז אַ סקאַנדאַל", האָט ער געזאָגט, „מ'קען גאָרנישט געפינען קיין רו פון דער דאָזיקער באַנדע".

פון גרויס הונגער האָט מאַיאַ פאַרגעסן צו דאַנקען; זי האָט שנעל אָנגענומען אַ פול מויל און געקייט, און דער זשוק האָט זיך בעת מעשה געווישט דעם שווייס פון שטערן און

אַבּיסל לויז געמאַכט דעם אויבערשטן ברוסט-רונג, כּדי לייכ-
טער אָפּצואָטעמען.

„ווער איז עס געווען?“ האָט מאַיאַ געפרעגט מיט אַן
אָנגעשטאָפּט מויל.

„שליינגט פריער אַראָפּ, זייט מוחל, וואָס איר האָט אין
מויל“, האָט דער זשוק געענטפערט, „אַ נישט פאַרשטייט מען
נישט, וואָס איר רעדט“.

מאַיאַ האָט געפאָלגט, אָבער דער אויפגערעגטער באַלע-
באָס האָט איר נישט דערלאָזט צו קיין נייער פראַגע. מיט
ערגערניש האָט ער אַרויסגעבלאַזט:

„אַ מוראַשקע איז דאָס געווען. וואָס מיינען די דאָזיקע
לייט, אַז מ'שפּאָרט און מ'זאָרגט טאָג ווי נאַכט נאָר פאַר זיי-
ערטוועגן? אָן שום באַגריסונג און דרך-ארץ — אַריינקריכן
אין עסנוואַרג-שפּייכלער! כ'בין אויסער זיך. ווען איך זאָל
נישט וויסן, אַז די דאָזיקע נפשות זענען אינדעראמתן שלעכט
דערצויגן, וואָלט איך אויף קיין אויגנבליק זיך נישט פאַר-
טראַכט זיי צו שטעמפּלען אַלס גנבים“. — ער האָט זיך פּלוצ-
לונג דערמאָנט און זיך געווענדעט צו מאַיאַ:

„אַנטשולדיקט מיר, כ'האָב פאַרגעסן זיך פאָרצושטעלן
פאַר אייך, איך הייס פּעפּפּי, פון דער משפּחה רויזן-זשוקעס“.

„און איך הייס מאַיאַ“, האָט נישט-דרייסט געענטפערט
די קליינע בין, „עס פרייט מיך זייער, וואָס כ'האָב זיך מיט
אייך באַקענט“. זי האָט גענוי באַטראַכט דעם זשוק פּעפּפּי.
ער האָט זיך נאָכאַמאָל פאַרנייגט און דערביי אויסגעשפּרייט
זיינע טאַפּערס ווי צוויי קליינע ברוינע פעכערס. דאָס איז מאַ-
יאַן אויסערגעוויינלעך געפעלן געוואָרן.

„איר האָט פּרעכטיקע טאַפּערס“, האָט זי געזאָגט, „ממש
זיס-שיין...“

„נו יאָ“, האָט פּעפּפּי מסכּים געווען אַ צופרידענער, „אַזוי
זאָגט מען. ווילט איר אפשר זען אויך די לינקע זייט?“

„אויב איר וועט זיין אַזוי גוט“, האָט מאַיאַ געזאָגט.
דער זשוק האָט אומגעדרייט די געפעכערטע טאַפּערס

אין א זייט און געלאָזט פאַלן אויף זיי א זונען-שטראַל.

„הערלעך, נישט אמת״ ? האָט ער געפרעגט.

„כ׳וואָלט נישט געגלויבט, אז דאָס זאָל מעגלעך זיין״, האָט מאַיאַ זיך אָנגערופן. „מיינע אייגענע טאַפּערס זענען זייער נישט אָנזעעוודיק״.

„נו יאָ״, האָט פעפּפּי מסכים געווען, „יעדן דאָס זייני-קע. דערפאַר האָט איר אָן ספק שיינע אויגן, און די גאָלדע-נע באַפאַרבונג פון אייער קערפּער איז אויך עפּעס ווערט.״

די קליינע מאַיאַ האָט געשטראַלט פון גליק. קיינער האָט איר נאָך נישט געהאַט געזאָגט, אז זי פאַרמאָגט עפּעס שיינס. זי האָט זיך שטאַרק איבערגענומען, פול מיט לעבנס-פרייד, און שנעל גענומען נאָך א ביסעלע האָניק.

„דאָס איז אויסגעצייכנט גוט״, האָט זי געזאָגט.

„זייט אזוי גוט, לאָזט זיך נישט בעטן״, האָט פעפּפּי געזאָגט, אביסל דערשטוינט פון זיין גאַסטס אַפּעטיט, „דאָס איז רויזנהאָניק פון ערשטער געראַטעניש. מ׳מוז אביסל זיין פאָרזיכטיק, מ׳זאָל זיך נישט איבערפירן דעם מאָגן. אויך טוי איז נאָך דאָ, אויב איר האָט דאָרשט״.

„בעסטן דאַנק״, האָט געזאָגט מאַיאַ. „איצט וויל איך אַוועקפליען, אויב איר וועט דערלויבן״.

דער זשוק האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

„פליען, רק פליען״, האָט ער געזאָגט, „דאָס ליגט אייך, בינען, אין בלוט. כ׳קען נישט באַגרייפן דידאָזיקע אומרויקע טבע אייערע. ס׳איז דאָך א סך בעסער צו בלייבן אויף אַן אָרט, וואָס, ניין ?״

„אָך, איך פלי אזוי גערן אַרום״, האָט די קליינע מאַ-יאַ געענטפערט.

דער זשוק האָט איר העפלעך אויסגעמאַכט דעם רויטן פאָרהאַנג.

„כ׳וויל אייך אביסל אַרויסבאַגלייטן. כ׳וועל אייך צופירן צו אַן אויסקוק-בלאַט, פון וועלכן איר וועט קענען באַקוועם אָפּפליען״.

„אָ, כ׳דאַנק אייך״, האָט מאַיאַ געזאָגט, „כ׳קען אָפּפליען פון וואַנען איך וויל״.

„אין דעם איז אייך בּאַסער פאַר מיר״, האָט פעפּפּי געזאָגט.
„מיר קומט אָן מיט מי דאָס אויסשפּרייטן די אונטערשטע פליגלען״.

ער האָט איר געדריקט די האַנט און אָפּגערוקט אָן אַ זייט דעם לעצטן פאָרהאַנג.

„אָ גאָט, דער בּלאָער הימל״, האָט מאַיאַ געיובּלט, „זייט געזונט״.

„צום ווידערזען״, האָט פעפּפּי געזאָגט און אַ ווײַלע געבּליבּן זיצן אויפן העכסטן רויזן־בּלאַט, כּדי נאָכצוקוקן די קליינע מאַיאַ, וועלכע איז שנעל אין אַ גלייכער ליניע געפלויגן הויך אין הימל אַריין, אין גאָלדענעם זונענשיין און אין דער ריינער מאָרגנלופט.

דאַן האָט ער פאַרבּאָרגן אָפּגעזיפצט און פאַרזונקען אין מחשבות זיך ווידער אומגעקערט אין קילן רויזן־בּעכער. ער האָט זיך אַביסל דערוואַרעמט, כאָטש ס׳איז נאָך געווען גאַנץ פרי. ער האָט אונטערגעזונגען זיין מאָרגנליד, און עס האָט געקלונגען אין רויטן שיין פון די רויזנבּלעטער און אין וואַרעמען זונענגלאַנץ:

גרינס בּאַצירט די וועלט; אין לופטן
גאָלדענע שטראַלן שוועבן;
נאָר כּל־זמן די רויזן דופטן —
ווייס איך פון אַ לעבּן.
ווו מיין היים איז — ווייס איך נישט,
און איך וויל נישט וויסן:
ס׳איז מיר ווויל אָט סתם אַזוי
דאָס רויזנליכט געניסן.
כ׳ווייס גאַנץ ווייניק פון דער וועלט,
ווו איך לעבּ אין פריידן,
ווען די רויז וועלקט — מוז איך אויך
זיך מיטן לעבּן שיידן.

און אין דרויסן איז איבּער דער בּליענדיקער ערד לאַנגזאַם אויפגעשטיגן דער שטראַלנדיקער פרילינגס־טאָג.

---

דאָס דריטע קאַפּיטל

# די וואַלד־אָוערע און אירע איינוווינער

אָך, האָט די קליינע מאַיאַ געטראַכט ביים פליען, כ'האָב גאָר פאַרגעסן צו פרעגן פעפפין וועגן די מענטשן. אַזאַ באַ־האַוונטער מאַן, ווי ער, וואָלט מיר אָן ספק געקענט געבן די בעסטע ידיעות. אָבער אפשר וועט זי אַליין נאָך היינט אָנ־טרעפן אַ מענטשן. פול אונטערנעמונגסלוסט און מונטערקייט האָט זי אירע קלאָרע אויגן געלאָזט שוועבן איבערן ברייטן בוגטן לאַנד, וואָס האָט זיך אונטער איר אויסגעשפּרייט אין זומער־פּראַכט.

זי איז פאַרביי־געפלויגן אַ גרויסן גאָרטן, וואָס האָט געַ־לויכטן פון טויזנטער פאַרבן. זי האָט באַגעגנט אַ סך אינזעקטן, וועלכע האָבן איר צוגעוואָרפן וואַנדער־גרוסן און געווונטשן אַ גליקלעכן וועג און אַ גוטן שניט. יעדעסמאָל, ביים אָנטרעפן אַ בין, פלעגט איר האַרץ אָנהויבן אַ ביסל צו קלאַפּן, ווייל זי האָט זיך פאָרט געשפּירט אַ ביסל שולדיק פאַר איר פוסט־און־פּאַסטעווען און זיך געשראָקן אָנצוטרעפן באַקאַנטע. אָבער זי האָט גלייך באַמערקט, אַז די בינען האָבן זיך גאָר נישט אינ־טערעסירט מיט איר.

פּלוצלונג האָט זי דערזען אַ בלאָען הימל, וואָס האָט געלויכטן אומענדלעך טיף אונטער איר. צוערשט האָט זי אַ טראַכט געטאָן מיט גרויס שרעק, טאָמער איז זי פאַרפלויגן צו הויך און זיך פאַרבלאָנדזשעט אין הימל, אָבער אין־דעם האָט זי דערזען, אַז ביים ברעג פון דאָזיקן אונטערערדישן

הימל שפיגלען זיך אָפּ בוימער, און צו איר גרויס התפּעלות האָט זי דערקענט, אַז דאָס איז אַ גרויסע, שטילע אָזערע, וואָס איז בלאָ און קלאָר געלעגן אין רויקן מאָרגן. פול מיט פרייד האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזן האַרט ביז צו דער אויבער־פלאַך פון וואַסער און זי האָט איצט זיך אַליין געקענט זען פליען אין וואַסער־שפּיגל. זי האָט געזען ווי אירע העלע פליגלען בלישטשען ווי ריין שימערירנדיק גלאָז, זי האָט באַמערקט, אַז אירע פיסלעך ליגן ריכטיק ביים קערבער, ווי קאַסאַנדראַ האָט עס איר געלערנט, און זי האָט געזען שייַנען אין וואַסער די גאָלדפאַרב פון איר קערפּער.

„בנאמנות, ס'איז אַ מחיה צו פליען אַזוי איבער אַ וואַסער־פלאַך", האָט זי געיובלט. זי האָט געזען גרויסע און קליינע פיש, וועלכע זענען אַרומגעשווומען אין העלן שטראָם, אָדער האָבן אַזוי ווי געשוועבט אין אים גאַנץ רויק. מאַיאַ האָט זיך געהיט נישט צוצוקומען צו נאָענט צו די פיש, ווייל זי האָט געוווסט, אַז מצד דעם מין פיש דראָט איר אַ סכנה.

ווען זי איז צוגעקומען צום אַנדערן ברעג אָזערע, האָבן זי געלאָקט צו זיך דאָס וואַרעמע ראָר און די ריזן־גרויסע בלעטער פון די וואַסער־ליליעס, וועלכע זענען געלעגן אויפן וואַסער ווי גרינע טעלער. זי האָט אויסגעקליבן איינס פון די פאַרבאָרגנסטע בלעטער, וואָס איבער אים האָבן זיך געוויגט אין דער זון די הויכע, בלישטשנדיקע ראָר־שטענגלעך און וואָס איז כמעט אינגאַנצן געלעגן אין שאָטן. בלויז אַ פּאָר קיילעכדיקע זון־פלעקן זענען אויף אים געלעגן ווי גאָלד־מטבעות.

„הערלעך", האָט די קליינע בין געזאָגט, „באמת, אויסערגעוויינלעך". זי האָט זיך אַביסל גענומען פּוצן: אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט דעם קאָפּ פון הינטן און אים גענומען ציען אויף פאָרנט, ווי זי וואָלט אים וועלן אָפּרייסן. זי האָט זיך אָבער געהיט און נישט געצויגן צו פעסט, ווייל ס'האָט זיך נאָר געהאַנדלט אין דעם, אָפּצווישן דעם שטויב. דערנאָך האָט זי אַדורכגעפירט די הינטערשטע פיסלעך איבער דעם אויבער־

פלאַך פון די פליגלען, אַזוי אַז זיי האָבן זיך אַראָפּגעבויגן אויף אונטן און מיט אַ חונדערבאַרן גלאַנץ ווידער אָפּגע־שפּרונגען אין זייער טריערדיקער לאַגע.

אין־דעם איז צוגעקומען צו איר אַ קליינער שטאָל־בלאָ־ער ברומער, זיך אַראָפּגעלאָזן לעבן איר אויפן בלאַט און זי פאַרחידושט אָנגעקוקט:

„וואָס טוט איר דאָ אויף מיין בלאַט ?" האָט ער געפרעגט. מאַיאַ האָט זיך דערשראָקן.

„מ'מוז זיך דאָך אַמאָל אַביסל אויסרוען", האָט זי גע־ענטפערט. זי האָט זיך דערמאָנט וואָס קאַסאַנדראַ האָט איר דערציילט, אַז דאָס בינען־פאָלק האָט אומעטום אין דער אינ־זעקטן־וועלט גרויס אַכטונג. האָט זי איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל געוואָלט מאַכן אַ פּראָבע, צי ס'וועט איר געלינגען אַרויסצו־רופן רעספּעקט צו זיך. אָבער דאָס האַרץ האָט איר פונדעסט־וועגן געקלאַפּט אַביסל, ווייל זי האָט זייער הויך און אַנט־שלאָסן אָפּגעענטפערט.

און באמת, דער ברומער איז באַשיינפּערלעך דערשראָקן געוואָרן, ווען ער האָט דערזען, אַז מאַיאַ איז נישט געניגט, עמיץ זאָל איר אין עפּעס אַ דעה זאָגן. מיט אַ פאַרדריסלעכן זשומען האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ ראָר־שטענגל, וואָס האָט זיך געוויגט איבערן בלאַט, אויף וועלכן מאַיאַ איז גע־זעסן און פון אויבן אַראָפּ, פון זונען־שיין, האָט ער געזאָגט שוין נישט דער ערך העפלעכער:

„ס'וואָלט נישט געשאַדט זיי זאָלן בעסער אַרבעטן, ווי ס'פּאַסט פאַר זיי, אָבער אויב זיי נויטיקן זיך אין רו... מהיכי־תיתי. כ'וועל דאָ צוואַרטן".

„ס'איז דאָך טאַקע באמת דאָ גענוג בלעטער", האָט מאַיאַ באַמערקט.

„אַלץ פאַרדונגען", האָט דער ברומער געזאָגט. „היינטי־קע צייטן איז מען צופרידן, ווען מען האָט אַ שטיקל אייגענע נחלה. ווען אַ זשאַבע וואָלט מיט צוויי טעג צוריק נישט גע־פאַנגען איינעם פאַר מיר, וואָלט איך נאָך היינט אויך נישט

געהאַט קיין רעכטע דירה. תּמיד זיך וואַלגערן, ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט, איז נישט פון די געשמאַקע זאַכן. נישט יעדער האָט דאָך אַזאַ איינגעאָרדנט מלוכה-ווענז, ווי איר. אגב, מיין נאָמען איז האַנס קריסטאָף, דערלויבט מיר זיך אייך פאָרצושטעלן״.

מאַיאַ האָט גאָרנישט געענטפערט און מיט פּחד געטראַכט וועגן דעם, ווי שרעקלעך דאָס מוז זיין אריינצופאַלן צו דער זשאַבע.

„זענען אין דאָזיקן וואַסער דאָ אַ סך זשאַבעס?״ האָט זי געפרעגט דעם ברומער און זיך געזעצט אין סאַמע רעכטן מיטן פון בלאַט, מ׳זאָל זי פון וואַסער נישט קענען זען.

דער ברומער האָט זיך צעלאַכט.

„אַ שאָד אייער מי״, האָט ער חוזק געמאַכט פון איר, „ווען די זון שיינט קען אייך די זשאַבע זען פון אונטן, ווייל דאָס בלאַט איז דאַן דורכזיכטיק. זי זעט גאַנץ גוט, ווי איר זיצט אויף מיין בלאַט.״

מאַיאַן האָט געפייניקט די בייזע פאָרשטעלונג, אַז האַרט אונטער איר בלאַט זיצט אפשר אַ גרויסע זשאַבע און קוקט אויף איר מיט אירע אַרויסגעשפּאַרטע, הונגעריקע אויגן. זי האָט גע-וואָלט שנעל אַפּפליען, אָבער אין-דעם איז געשען עפּעס שרעק-לעכעס, אויף וואָס זי האָט זיך לגמרי נישט געקענט ריכטן. אין אָנהויב, בעת דער ערשטער צעמישונג, האָט זי גאָרנישט געקענט געזען אינטערשיידן, וואָס אייגנטלעך קומט דאָ פאָר אַזוינס. זי האָט נאָר געהערט איבער איר קאָפּ אַ שטאַרקע קלינגנדיקע הוזשעריי, ווי אַ ווינט וואָלט געברויזט אין פאַרוועלקטע בלעטער; חוצדעם האָט זי דערהערט אַ זינגנדיקע פּייפעריי, אַ הילכיקן צאָרנדיקן יאָכט-געשריי, און אַ פיינער דורכזיכטיקער שאָטן האָט זיך פאַרבייגע-גליטשט איבער איר בלאַט. שפּעטער האָט זי דערזען, — און איר האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר שרעק, — אַז אַ גרויסע שימערי-רנדיקע ליבעלע האָט געפאַנגען דעם אָרעמען האַנס קריסטאָף און האַלט דעם פאַרצווייפלט-שרייענדיקן אין אירע גרויסע, שאַרף-שפּיציקע מויל-צוואַנגען. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן מיט איר רויב אויפן ראָר-שטענגל, וועלכער האָט זיך אַביסל איינגעבויגן אונטער

איר משא. אזוי אָרים האָט מאַיאַ געזען ביידן שוועבנדיק איבער איר און גלייכצייטיק האָט זי געזען אין קלאָרן וואַסער זייער אָפּ-שפּיגלונג. דער געשריי פון האַנס קריסטאָף האָט איר צעריסן דאָס האַרץ. ניט טראַכטנדיק קיין סך האָט זי הויך אַ געשריי געטאָן:

„איר זאָלט תּיכּף אָפּלאָזן דעם ברומער, ווער איר זאָלט נישט זיין! איר האָט נישט דאָס מינדסטע רעכט אויף אַזאַ הפקר-דיקן אופן זיך אריינצומישן אין די געוווינהייטן פון אַנדערע".

די ליבעלע האָט אַרויסגעלאָזן דעם ברומער פון אירע מויל-צוואַנגען, אָבער אים ווייטער געהאַלטן פעסט אין אירע אָרעמס און אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מאַיאַן. מאַיאַ האָט זיך שטאַרק דער-שראָקן פאַר דער ליבעלעס גרויסע ערנסטע אויגן און פאַר אירע בייזע מויל-צוואַנגען. אָבער דאָס שימערירן פון דער ליבעלעס פליגלען און קערפּער האָט מאַיאַן ענטציקט: ס'האָט געגלאַנצט אַזוי ווי וואַסער, גלאָז און איידלשטיינער. נאָר די אומגעהייערע גרויס פון דער ליבעלע האָט אָנגעוואָרפן אויף מאַיאַן אַן אימה, זי האָט נישט געקענט באַגרייפן איר מוט און גענומען שטאַרק ציטערן.

אָבער די ליבעלע האָט גאַנץ פריינטלעך געזאָגט:

„קינד, וואָס טוט זיך מיט אייך?"

„לאָזט אים אָפּ", האָט מאַיאַ אויסגערופן און אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן, „ער הייסט האַנס קריסטאָף..."

די ליבעלע האָט אַ שמייכל געטאָן.

„פאַרוואָס נישט, דו קליינע?" האָט זי אַ פרעג געטאָן און אָנגעשטעלט אַ פאַראינטערעסירט פּנים, וואָס האָט געהאַט דעם אויסדרוק פון איינעם, וואָס קוקט פון אויבן אַראָפּ.

מאַיאַ האָט הילפלאָז געשטאַמלט:

„אַך, ער איז דאָך אַזאַ פיינער, זויבערער חבר און אויף וויפל איך ווייס האָט ער אייך קיין שום שלעכטס נישט געטאָן".

די ליבעלע האָט באַטראַכט האַנס קריסטאָפן:

„יאָ, ער איז אַ ליבער, קליינער חברה-מאַן", האָט זי צערט-לעך געצענטפערט און אים אָפּגעביסן דעם קאָפּ.

מאַיאַ האָט געמיינט, אַז זי פאַלט אין חלשות. אַזוי שטאַרק האָט איר דערשיטערט דידאָזיקע געשעעניש. זי האָט לאַנג נישט

געקענט אַרויסברענגען קיין איין וואָרט און פול מיט שרעק האָט זי געמוזט הערן די כרושטשנדיקע קלאַנגען, מיט וועלכע דער קערפּער פון שטאָל־בלאָזער האַנס קריסטאָף איז צעביסן געוואָרן אויף שטיקלעך.

„מאַכט נאָר נישט קיין אָנשטעלן," האָט די ליבעלע געזאָגט מיט אַ פולן מויל און ווייטער געקייט, „אייער ווייכהאַרציקייט מאַכט אַ קנאַפּן איינדרוק אויף מיך. איז דען ביי אייך בעסער? ווי ס'ווייזט אויס, זענט איר נאָך זייער יונג און זיך נאָך זייער ווייניק אַרומגעקוקט אין אייגענעם הויז. ווען ס'הייבט זיך אָן זומער־צייט די שחיטה פון די דרוינען אין אייער בינשטאָק, ווערט די טרוביקע וועלט נישט ווינציקער אויפגעבראַכט, און איך האַלט, אַז מיט מער רעכט".

מאַיאַ האָט געפרעגט: „האָט איר שוין דאָרט אויבן געזע־דיקט?" זי האָט נישט געקענט פועלן ביי זיך אַרויפצוקוקן אין דער הייך.

„נאָר איין פוס איז געבליבן," האָט די ליבעלע געענטפערט.

„זייט אַזוי גוט און שלינגט אים אַראָפּ, וועל איך אייך דאַ־מאָלסט ענטפערן," האָט אויסגערופן מאַיאַ, וועלכע האָט גאַנץ גוט געוווסט, פאַרוואָס די דרוינען מוזן געטויט ווערן אין בינשטאָק זומער־צייט, און וועלכער ס'האָט פאַרדראָסן דער ליבעלעס נאַריש־קייט. „אָבער דערוועגט זיך נישט צוצוקומען כאָטש איין טריט נענטער צו מיר. כ'וועל קיין סך נישט קלערן און תיכף באַנוצן מיין גיפטל".

די קליינע איז באמת געווען זייער אויפגעבראַכט. צום ערשטן מאָל האָט זי דערכאַנט איר גיפטל און צום ערשטן מאָל האָט זי זיך געפרייט מיטן דאָזיקן כלי־זין.

די ליבעלע האָט געוואָרפן בייזע בליקן. זי האָט געהאַט פאַרענדיקט די סעודה און איז איצט געזעסן אַ ביסל איינגעבויגן, געקוקט לויערנדיק אויף מאַיאַן, און אויסגעזען ווי אַ ווילדע חיה, וואָס האָט בדעה זיך אַרויפצוּוואַרפן אויף איר רויב. אָבער די קליינע בין איז געבליבן גאַנץ רויק. זי האָט נישט געקענט פאַר־שטיין פון וואַנען ס'האָט זיך גענומען צו איר אַזאַ מוט, זי האָט

מער נישט געשפּירט קיין מורא. זי האָט אַרויסגעלאָזן זייער אַ שטאַרקע ושומעריי, אַזאַ, ווי זי האָט איינמאָל אין בינשטאָק געהערט פון וועכטער, ווען אַ וועספּ האָט זיך דערנעענטערט צום אַרויספלי-פענסטערל.

מאַכט די ליבעלע דראָענדיק און לאַנגזאַם:

„די ליבעלעס לעבן אין בעסטער גוט-פריינטשאַפט מיטן בינען-פאָלק."

„און איר טוט זייער גלייך," האָט מאַיאַ שנעל אונטער-געכאַפּט.

„איר מיינט אפשר, אַז כ'האָב מורא פאַר אייך, איך — פאַר אייך?" האָט געפרעגט די ליבעלע. מיט איין שטויס האָט זי פאַרלאָזן דעם ראָר-שטענגל, וועלכער איז צוריקגעשפּרונגען אין זיין פריערדיקער לאַגע און מיט אַ קלינגנדיקן, בליצנדיקן תליגל-קלאַפּ האָט זי דורכגעהוזשעט ביז האַרט אויפן אויבער-יאַך פון וואַסער. ס'איז געווען הערלעך צו זען, ווי זי האָט זיך געשפּיגלט אין דער אָזערע, ס'האָט זיך געדוכט, אַז מ'זעט צוויי ליבעלעס, און ביידע האָבן זייערע גלעזערנע פליגלען באַוועגט אַזוי ראַש און פיין, אַז ס'האָט אויסגעזען, ווי אַ העלע זילבער-שיין וואָלט געפלאָסן אַרום זיי. ס'איז געווען אַזאַ הערלעך בילד, אַז די קליינע מאַיאַ האָט פאַרגעסן יעדע געפאַר און איר גאַנצן פאַרדרוס פאַר דעם אַרעמען האַנס קריסטאָף. זי האָט געפּאַטשט בראַוואָ און אין גרויס באַגייסטערונג אויסגערופן:

„ווונדערשיין! ווונדערשיין!"

„דאָס מיינט איר מיך?" האָט די ליבעלע געפרעגט מיט גרויס דערשטוינונג. אָבער דערנאָך האָט זי אויף דער גיך צוגע-געבן: „יאָ, איך קאָן זיך ווייזן פאַר לייטן, דאָס איז ריכטיק. איר האָט געדאַרפט זען נעכטן די באַגייסטערונג פון עטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן מיך באַמערקט ביים טייך, ווען זיי האָבן זיך גע-לייגט אויסרוען."

„מענטשן?" האָט מאַיאַ געפרעגט, „אַך, מענטשן האָט איר געזען?"

„פאַרשטייט זיך", האָט די ליבעלע אָפּגעענטפערט, „אָבער

ס׳העט אייך אָן שום ספק זיין זייער אינטערעסאַנט צו וויסן ווי איך הייס? מיין נאָמען איז שנוק, פון דער פאַמיליע נעך-פליגלדיקע, גענוייער — פון די ליבעלעס״.

„אַך, דערציילט עפּעס וועגן די מענטשן״, האָט מאַיאַ זיך געבעטן, נאָכדעם ווי זי האָט זיך אויך פאָרגעשטעלט פאַר יענער.

די ליבעלע האָט זיך איבערגעבעטן מיט מאַיאַן. זי האָט זיך צוגעזעצט נעבן איר אויפן בלאַט, און די קליינע מאַיאַ האָט עס דערלויבט. זי האָט געוווּסט, אַז שנוק וועט זיך היטן נישט צוצוקומען צו איר צו נאָענט.

„האָבן די מענטשן אַ גיפטל?״ — האָט מאַיאַ גע-פרעגט.

„גאָט מיינער״, האָט שנוק געזאָגט. „וואָס וואָלטן זיי געטאָן מיט איר. ניין, זיי האָבן ערגערע כּלי-זיין קעגן אונז, און זיי זענען פאַר אונז זייער געפערלעך. נישטאָ קיינער, וואָס זאָל פאַר זיי נישט ציטערן, באַזונדערס פאַר די קליינע, ביי וועלכע מ׳קען געזוי דערקענען ביידע פיס. דידאָזיקע הייסן יינגלעך.״

„יאָגן זיי אייך נאָך?״ האָט מאַיאַ געפרעגט מיט אַ פּאַר-האַקטן אָטעם פון אויפרעגונג.

„יאָ, וואָס וווּנדערט איר זיך אַזוי?״ האָט שנוק גע-פרעגט, וואַרפנדיק אַ בליק איבער זיינע פליגל. „כ׳האָב זייער זעלטן געטראָפן אַ מענטשן, וואָס זאָל נישט מאַכן קיין פּרווו מיך צו כאַפּן״.

„אָבער פאַרוואָס?״ האָט מאַיאַ געפרעגט מיט אַנגסט.

„מיר האָבן אין זיך עפּעס זייער צוציענדיקס״, האָט שנוק געזאָגט מיט אַ באַשיידענעם שמייכל, און געוואָרפן אַ קוק פאַר זיך. „קיין אַנדער סיבה ווייס איך נישט. ס׳האָבן זיך געטראָפן פאַלן, אַז פערזאָנען פון אונזער פאַמיליע, וועל-כע האָבן זיך געלאָזט כאַפּן, האָבן געהאַט אויסצושטיין די שרעקלעכסטע ליידן און צום סוף אויך דעם טויט.״

„האָט מען זיי אויפגעפרעסן?״

„ניין, ניין", האָט שנוק די באַרויקט, „דאָס גראָד נישט. אויף װיפל ס'איז באַקאַנט, דערנערט זיך נישט דער מענטש מיט ליבעלעס. אָבער אינם מענטשן װאַכן אויף פון צייט צו צייט מאָרד-געלוסטן, װעלכע װעלן װייזט אויס אייביק בלייבן נישט אויפגעקלערט. עס מעג אייך אויסחיון װי אי-בערגעטריבן, אָבער ס'זענען פאַרט געװען פאַלן, װען די אַזוי-גערופענע יינגלעך-מענטשן האָבן געװוינט אין געפאַנגענשאַפט ליבעלעס און בלויז צוליב פאַרגעניגן זיי אָפּגעריסן די פיס, אָדער די פליגלען. איר גלויבט נישט ?"

„געװיס צװייפל איך אין דעם," האָט כאַיאַ אויסגערופן אין גרויס אויפגעבראַכנקייט.

שנוק האָט אַ צי געטאָן די שימערירנדיקע אַקסלען, זיין פנים האָט אויסגעזען זייער אַלט פון דערפאַרונג.

„אַך, אויב שוין יאָ רעדן אַמאָל אָפנהאַרציק", האָט ער געזאָגט, אײנגאַנצן בלייך פון טרויער, — „כ'האָב געהאַט אַ ברו-דער, מ'האָט אויף אים געלייגט די בעסטע האָפנונגען, ער איז אָבער געװען אַ ביסל לייכטזיניק און צום באַדויערן דייער נייגיריק. ער איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ יינגל, װעלכער האָט פלוצלונג אויף אים פאַרװאָרפן אַ נעץ, װאָס איז באַפעסטיקט געװען צו אַ לאַנגן שטעקן. זאָגט אַליין, װעמען קען איינפאַלן אַזאַ זאַך ?"

„ניין," האָט די קליינע מאַיאַ געענטפערט, „װעגן אַזאַ זאַך האָב איך קיינמאָל נישט געטראַכט."

די ליבעלע האָט זי אָנגעקוקט.

„מ'האָט אים דערנאָך אַרומגעבונדן די גרויסט מיט אַ שװאַרצן שטריק, אינמיטן צװישן זיינע פליגלען, אַזוי אַז ער האָט געקענט אַ פלי טאָן, אָבער קיינמאָל נישט אַנטרינען. יע-דעסמאָל, װען מיין אָרעמער ברודער האָט געגלויבט, אַז ער האָט שוין צוריק באַקומען די פרייהייט, פלעגט מען אים אויפן אַכזריותדיקסטן אופן צוריקשלעפן אין דער מאַכט פון יינגל מיט דער הילף פון יענעם דערמאָנטן שטריק."

מאַיאַ האָט בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„שוין בעסער אַז מ׳טראַכט גאָרנישט וועגן דעם", האָט זי טרויעריק געפּליסטערט.
„ווען כ׳וועל אַמאָל נישט טראַכטן וועגן דעם אַ טאָג, וועט זיך מיר דאָס זיכער חלומען," האָט שנוק ווייטער גערעדט. „ס׳האָט זיך דעמאָלט זייער אַ סך געטאָן. ענדלעך, איז מיין ברודער געשטאָרבן." שנוק האָט טיף אָפּגעזיפצט.
„פון וואָס איז ער געשטאָרבן?" האָט מאַיאַ געפרעגט מיט אויפריכטיקן מיטגעפיל.
שנוק האָט נישט גלייך געקענט ענטפערן, זיינע אויגן זענען פאַרלאָפן מיט גרויסע טרערן, וועלכע האָבן געגומען לאַנגזאַם רינען איבער די באַקן:
„מ׳האָט אים אַריינגעלייגט אין קעשענע," האָט זי געכליפּעט, „דאָס איז שווער איבערצוטראָגן..."
„וואָס איז דאָס אַזוינס?" האָט געפרעגט מיט שרעק מאַיאַ, וועלכע האָט קוים געקענט פאַר איינמאָל באַנעמען אַזוי פיל נייעס און בייזעס.
„די קעשענע." האָט איר שנוק דערקלערט, „איז אַ שפּייז־קעמערל, וועלכן די מענטשן האָבן אין זייער אויסערלעכער פעל. אָבער וואָס אַ שטייגער רעכנט איר, איז דאָרט נאָך געווען? אָ, אין וואָסער שרעקלעכער געזעלשאַפט מיין אָרעמער ברודער האָט געמוזט אויסהויכן זיין נשמה. ס׳וועט אייך גאָר קיינמאָל אויפן געדאַנק נישט קומען!"
„ניין," האָט מאַיאַ געזאָגט מיט אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם. „כ׳וועל עס נישט... אפשר האָניק אַמאָל?"
„ניין, ניין," האָט שנוק געזאָגט מיט אַ טרויעריקער און גלייכצייטיק וויכטיקער מינע. „האָניק וועט איר נאָר זעלטן געפינען אין קעשענעס פון די מענטשן. כ׳וועל אייך זאָגן, וואָס דאָרט האָט זיך געפונען: דאָרט איז געווען אַ זשאַבע, אַ קעשענע־שווערדל און אַ געלער מער. וואָס זאָגט איר דערצו?"
„אַ גרויל," האָט מאַיאַ געפּליסטערט, „וואָס אַזוינס איז אַ קעשענע־שווערדל?"
„דאָס איז אַזוי־צו־זאָגן דעם מענטשנס קינסטלעכער גיפטל:

היות די נאַטור האָט אים נישט געשאָנקען אַזאַ פּלי־
זין, זעט ער אים אַליין נאָכצומאַכן. די זשאַבע איז שוין,
גאָט צו דאַנקען, געווען מיט איין פוס אויף יענער וועלט.
איין אויג האָט זי געהאַט פאַרלאָרן, אַ פוס צעבראָכן און די
אונטערשטע קין־באַק אויסגעלונקען. אָבער ווי נאָר מיין ברודער
איז דערשינען אין קעשענע, האָט די זשאַבע אַרויסגעשיפּעט
פון איר קרומען מויל:

„ווען כ׳וועל געזונט ווערן, וועל איך אייך תיכף
איינשלינגען." דערביי האָט זי קאַסאָקע אַ קוק געטאָן מיטן
גאַנץ־געבליבענעם אויגל אויף דעם ניי־געקומענעם, וועלכער
האָט פאַרדינט, מ׳זאָל אים באַדויערן. דערדאָזיקער בליק האָט
געמוזט האָבן די שרעקלעכסטע ווירקונג אין דער טונקלקייט פון
דער תפיסה. מיין ברודער איז געפאַלן אין חלשות, ווען ער
איז גלייך נאָכדעם דורך אַ פּלוצלונגער אויפטרייסלונג צוגע־
דריקט געוואָרן צו דער זשאַבע אַזוי, אַז זיינע פליגלען זע־
נען געבליבן צוגעקלעפּט צום קאַלטן, נאַסן לייב פון דער
גוססדיקער זשאַבע. אָ, מ׳קען גאָר נישט געפינען קיין ווער־
טער, וואָס זאָלן דידאָזיקע ליידן ריכטיק אויסדריקן."

„פונוואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ?" האָט מאַיאַ גע־
שטאַמלט, דערשיטערט אויפן העכסטן גראַד.

„שפּעטער, ווען דאָס יינגל איז הונגעריק געוואָרן און
געזוכט דעם מער, כדי אים אויפצועסן, האָט ער אַרויסגע־
שליידערט מיין ברודער מיט דער זשאַבע. צוגעצויגן דורך
מיין ברודערס הילף־געשרייען, האָב איך זיי געפונען ביידע
ליגן איינעם לעבן דער צווייטער. כ׳האָב אָבער באַוויזן נישט
מער ווי אַלץ אויסצוהערן און צוצומאַכן זיינע אויגן. ער האָט
מיט זיין אָרים אַרומגענומען מיין האַלז און מיך אַ קוש גע־
טאָן פאַרן שיידן זיך. דערנאָך, נישט קלאָגנדיק זיך, איז ער
מוטיק געשטאָרבן ווי אַ קליינער העלד. ווען דער לעצטער
ציטער פון זיינע צעקנייטשטע פליגלען איז שטיל געוואָרן,
האָב איך אים איבערגעדעקט מיט דעמב־בלעטער און מיט אַ
בלאָער בלום — זי זאָל וועלקן אויפן בערגל פאַר זיין כבוד

ווענן. „זאָל דיר די ערד גרינג זיין, מיין קליינער ברודער,״ האָב איך אויסגערופן און אָפּגעפלויגן אין שטילן אוונט אַריין — די ביידע רויטע זונען אַנטקעגן, ווייל מ׳האָט די זון געזען צוויי מאָל, אין אָוונט־הימל און אין אָזערע. אַזוי טרויעריק און פייער־לעך האָט זיך נאָך קיינער נישט געשפּירט. — האָט איר שוין אויך איבערגעלעבט עפּעס טרויעריקעס? אויב יאָ, וועט איר מיר עס אפשר דערציילן אַנאַנדערש מאָל.״

„ניין,״ האָט געזאָגט מאַיאַ, „ביז איצט בין איך, דעם אמת געזאָגט, תמיד געווען פריילעך.״

„אויב אַזוי מעגט איר דאַנקען גאָט,״ האָט געזאָגט שנוק, אַביסל אַנטוישט.

מאַיאַ האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן דער זשאַבע.

„אַ, יענע״ האָט געזאָגט שנוק. „זי איז וואַרשיינלעך גע־שטאָרבן, זי האָט עס כשר פאַרדינט. ווי אַזוי האָט זי גאָר גע־קענט האָבן אַ האַרץ צו שקעקן אַ גוסס? זי האָט זיך פּרובירט ראַטעווען, אָבער איין פוס אירער און איין אויג האָבן זיך לגמרי אָפּגעזאָגט איר צו דינען, האָט זי דעריבער כסדר אַרומגעטאַנצט אין אַ קרייז. זי האָט אויסגעזען אויסערגעוויינלעך קאָמיש. „דער באָטשאַן וועט אייך גאָר אינגיכן פאַקן,״ האָב איך איר געשריגן, איידער כ׳בין אָפּגעפלויגן.

„אָרעמע זשאַבע,״ האָט געזאָגט די קליינע מאַיאַ.

„נו, זייט מוחל,״ איז די ליבעלע אויפגעבראַכט געוואָרן: „איר דערלויבט זיך שוין צופיל. באַדויערן אַ זשאַבע איז דאָס זעלבע ווי זיך איינשניידן אַ פליגל. ווי איך זע, זענט איר אַ פאַרשוין אָן געוויסן״.

„דאָס איז מעגלעך״, האָט מאַיאַ געענטפערט, „אָבער ס׳איז מיר זייער שווער צוצוזען, ווי עמיצער ליידט.״

„אָ,״ האָט זי שנוק געטרייסט, „אין דעם איז נאָר שולדיק אייער יוגנט. איר וועט זיך עס נאָך אויסלערנען, נאָר נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך, מיין חברטע. אָבער כ׳מוז שוין אַ ביסל אַוועקפליען אויף דער זון. דאָ איז נישקשהדיק קיל. אַ גוטן!״

ס׳האָט שטיל אַ קלונג געטאָן, און טויזנט העלע פאַרבן האָבן אַ שימעריר־געטאָן — בלאַסע, ליבלעכע פאַרבן, ווי דאָס

פאַרמאָגן נאָר פליסנדיק וואַסער און קלאָרע אײדלשטײנער. שנעק האָט זיך אַ לאָז געטאָן דורך די גרינע ראָר-שטענגלעך ביז אויפן וואַסער-שפּיגל, און מאַיאַ האָט געהערט ווי ער האָט געזונגען אין דער זון. זי האָט זיך צוגעהערט צום פֿײַנעם געזאַנג, וואָס האָט פאַרמאָגט עפּעס אַ שווערמוטיקע זיסקייט פון אַ מאַלקאָליד און דאָס האָט אַרויסגערופן בײַ דער קלײנער מאַיאַ אַ פרײלעכע און גלײַכצײַטיק טרויעריקע שטימונג. ס'האָט זיך דערטראָגן צו איר:

ווען דער זונס פרימאָרגן-שטראַלן
אויפן שטילן טײַכל פאַלן,
איז ער פול מיט חן.
גרינער טשערעס וויגט זיך, ווײַס
און די וואַסערלילי‌ע שטײס
ווי אַ מלכּה שײַן.

בלאַנקער וואַסער, וואַרמער דופט,
אויף די פליגלען זומער-לופט
און אין האַרצן — פרייד.
גאָלדנער זומער, ליבער פרײַנט,
כ'דאַנק דיר פאַרן גוטן הײַנט —
ווײַל ס'לעבן שנעל פאַרגײט.

„הער נאָר, עס שאַלט דאָס ליד פון דער ליבעלע,״ האָט אויסגערופן אַ ווײַס זומערפויגעלע צו זײַן חברטע. זײ האָבן זיך בײַ דע פאַרבײַגעוויגט האַרט פאַרבײַ מאַיאַן דורך דער שטראַלנדיקער בלאָקײט פון שײנעם טאָג. דאָ האָט אויך די קלײנע בין אויפגעהויבן אירע פליגלען און מיט אַ שטילן זשומען האָט זי באַגריסט די זילבערנע אָזערע צום אָפּשיד און צוועקגעפלויגן אין דער ריכטונג צו דער יבשה.

דאָס פערטע קאַפּיטל

# איפּפּי און קורט

ווען די קליינע מאַיאַ האָט זיך אויף צומאָרגנס אויפגע־וואַכט אין בעכער פון אַ בלאָען מאַי־גלעקעלע, האָט זי דערהערט, ווי די לופט איז פול מיט פיינעם, שטילן געדויש. זי האָט דערשפּירט, אַז די בלום באַוועגט זיך, ווי זי וואָלט פאַרבאָר־גענערהייד באַקומען קליינע שטויסן. אין איר אָפּגעבעם בעכער איז אַריינגעדרונגען אַ פייכטער גערוך פון גראָז און ערד און ס'איז געווען זייער קיל.

מאַיאַ האָט שרעקעוודיק גענומען אַ ביסל בלומען־שטויב פון דער בלומס געלע שטויב־בייטעלעך, דערנאָך האָט זי מיט גרויס זאָרג זיך געבראַכט אין אָרדנונג, און פּאָרזיכטיק, אַ טריט נאָך אַ טריט, געוואַגט צוצוקומען צום ראַנד פון הענגע־דיקן בלומען־בעכער. און זי האָט דערזען, אַז ס'רעגנט. אַ דינער, קילער רעגן האָט געגאָסן מיט שטילן געדויש אין אַלץ אַרום באַדעקט מיט מיליאָנען העלע זילבער־פּערל. זיי זענען געלעגן אויף די בלעטער און בלומען, זיך געקייקלט איבער די שמאָלע, גרינע וועגן פון די גראָזן און אָפּגעפרישט די ברוינע ערד.

מאַיאַ האָט מיט גרויס שטוינען און מיט טיפער פאַר־וווּנדערונג זיך צוגעקוקט צו דערדאָזיקער פאַרענדערונג פון דער וועלט: דאָס איז געווען דער ערשטער רעגן, וועלכן זי האָט איבערגעלעבט אין איר יונגן לעבן. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דאָס איז איר געפעלן און דאָס האָט זי באַ־

בליקט, איז איר דאָך באפאלן אַ לייכטע זאָרג, ווייל זי האָט זיך דערמאָנט קאַססאַנדראַס וואָרנונג. — קיינמאָל נישט אַרויס־צופליען אין רעגן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'מוז זיין שווער צו באַוועגן די פליגלען אינטערן טראָפּן־פאַל, אויך האָט איר ווייגעטאָן די קעלט, און זי האָט שמערצלעך געשפּירט דאָס פעלן פון רויקן גאָלדענעם זונענשיין, וואָס ברענגט אריין די גאַנצע וועלט אין אַ פריילעכער און זאָרגלאָזער שטימונג.

ס'האָט נאָך געמוזט זיין זייער פרי, ווייל דאָס לעבן אין גראָז אונטער איר האָט זיך ערשט איצט אָנגעהויבן. אונ־טער איר בלאָען גלאָק איז זי געווען זייער גוט באַשיצט און זי האָט זיך אויסגעצייכנט געקענט צוקוקן צו דער אויפגע־וואכטער באַוועגונג אונטער איר. אַ דאַנק דעם האָט זי אויף אַ קורצע ווײַלע פאַרגעסן איר טרויער און איר בענקשאַפט אַ היים, וואָס האָט זיך פאַרקליבן אין איר האַרצן. ס'האָט זי זייער געווײַלט דאָס צוקוקן זיך פון איר זיכערער באַהעלטע־ניש, פון אויבן אַראָפּ, צום לעבן פון די גראָז־באַוווינער. אָבער ביסלעכווייז האָבן זיך אירע געדאַנקען אומגעקערט צו איר פאַרלאָזענעם היימלאַנד. זי האָט געבענקט נאָכן שוץ און נאָך דער שטאַרקער געמיינשאַפט פון בינשטאָק. דאָרט זענען איצט די בינען געזעסן נעבנאַנאַנדער, צופרידן מיטן רו־טאָג, אפשר רעמאָנטירט אַ ביסל דאָ און דאָרט די קעמערלעך, אָדער געפּיטערט די קליינע שלייערלעך. אָבער בכלל איז אין בינ־שטאָק זייער רויק אין אַ רעגנטאָג. בלויז פון צייט צו צייט פליען אַרויס אויסקוקערס, גיבן אַ קוק צום וועטער און פאָרשן אויס פון וועלכער זייט דער ווינט בלאָזט. די מלכה גייט אַרום איבער דער מלוכה, פון שטאָק צו שטאָק, פרווט אַלץ, לויבט, אָדער רעדט אויס, לייגט פון צייט צו צייט אַן איי און באַגליקט אַלעמען מיט איר קיניגלעכער אָנוועזנהייט. סאַראַ שמחה דאָס איז צו כאַפּן אירן אַ בליק, אָדער אַ לויב־וואָרט. ס'טרעפט, אַז זי גיט אַ גלעט טריינטלעך איבערן קעפּל די יינגערע בי־נען, וועלכע האָבן צו פאַרשרייבן אויף זייער חשבון די ערש־

טע פאַרדינכטן, אָדער זי פּרעגט זיך נאָך אויף זייערע אי־בערלעבונגען.

אַך, סאַראַ גליק דאָס איז צו האָבן אַ חלק אין דעם, צו פילן, אַז מ׳איז געאַכט פון אַלעמען און צו געניסן דעם שטאַרקן שוץ פון דער געזעלשאַפט. דאָ, אין איר איינזאַמען, אָפּגעגעסענעם פלאַץ איז זי געווען אין סכנה און זי האָט געפרווירן. און אַז דער רעגן וועט געדויערן לענגער, וואָס וועט זי דע־מאָלט טאָן און מיט וואָס וועט זי זיך דערנערן? האָניקזאַפט איז אין מאַי־גלעקל בכלל נישט געווען און דער בלומענ־שטויב וועט נישט קלעקן אויף לאַנג. צום ערשטן מאָל האָט זי באַגריפן, ווי נויטווענדיק עס איז פאַרן וואַנדער־און הפקר־לעבן די זונענשיין. אָן זונענשיין — האָט זי אַ טראַכט געטאָן — וואָלט, מסתמא, קיינער נישט געווען לייכטזיניק.

אָבער קוים האָט זי זיך דערמאָנט וועגן זונענשיין, איז זי ווידער פול געוואָרן מיט פרייד און פאַרבאָרגענעם שטאָלץ, וואָס זי איז געווען אַזוי מוטיק אָנצוהויבן איר לעבן אויף אייגענער אחריות. סאַראַ סך זי האָט שוין געזען און זיך דערוווסט פאַר דער קורצער צייט פון איר וואַנדערן! אַנדע־רע האָבן געוווסט נישט דער ערך ווייניקער אין משך פון זייער גאַנץ לעבן. דערפאַרונג איז דאָך די בעסטע לעבנס־רייכקייט און צוליב איר איז כדאי צו ברענגען קרבנות, האָט מאַיאַ געטראַכט.

אונטן אין גראָז איז פאַרבייגעגאַנגען אַ מחנה וואַנדער־מוראַשקעס. זיי זענען זינגענדיק געגאַנגען דורכן קילן גע־דיכטן גראָז און, ווי ס׳שיינט, זיך זייער געאיילט. זייער פריש מאַרגנליד האָט געקלונגען צום טאַקט פון מאַרש און אָנגע־פילט דאָס האַרץ פון דער קליינער מאַיאַ מיט טרויער און פאַרטראַכטקייט:

קורץ איז אונזער לעבן,
באַלד — און ס׳איז פאַרטאָן.
עכטע רויבער הערצער
גייט עס קנאַפּ־וואָס אָן.

זיי זענען געווען אויסערגעוויינלעך גוט באַהאַפטן און
האָבן אויסגעזען האָפערדיק און געפערלעך. זייער ליד האָט
זיך געלאָזט הערן אונטער די גראָזבלעטער. זייער געזאַנג
האָט דאָרט געמוזט אָנמאַכן אַ גרויסן רושם, ווייל ס׳האָט זיך
באַלד געלאָזט הערן אַ רויע, הייזעריקע שטימע, און די קליי־
נע בלעטלעך פון אַ יונגן לופטל זענען ענערגיש פאַנאַנדער־
געריקט געוואָרן. מאַיאַ האָט דערזען אַרויסקריכן אַ גרויסן
בלאָען זשוק, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ האַלב־קויל פון
גלאַנצנדיקן טונקעלן מעטאַל און האָט שימערירט דאָ בלוי־
לעך, דאָ גרינלעך און אַמאָל אויך גאַנץ שוואַרץ. ער איז גע־
ווען צוויי, אָדער דרייסאָל אַזוי גרויס, ווי זי. זיין האַרטער
פּאַנצער האָט אין אירע אויגן אויסגעזען שטאַרק — נישט צו
צעשטערן און זיין טיפע שטימע האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה.
דער געזאַנג פון די זעלנער האָט אים, זעט אויס, אויפגע־
וועקט און ער האָט זיך געפונען אין זייער אַ שלעכטער שטי־
מונג. זיינע האָר זענען נאָך געווען צעשויבערט און ער האָט
זיך אויסגעריבן דעם שלאָף פון די בלאָע ביטערע אויגעלעך.
„איך קום,״ האָט ער געשריגן, „און דאָס אַליין איז
שוין גענוג, אַז אַלע זאָלן מאַכן אַ וואַרע.״
באָט צו דאַנקען, וואָס כ׳שטיי אים נישט אין וועג, האָט
אַ טראַכט געטאָן מאַיאַ. וועלכע האָט זיך געפילט גאַנץ זי־
כער אין איר הויכער, שוועבנדיקער באַהעלטעניש. אָבער פונ־
דעסטוועגן האָט איר האַרץ געקלאַפט אַ ביסל, און זי האָט
שטיל געמאַכט אַ כּרים הינטער זיך אין בלומען־גלאָק.
דער זשוק האָט זיך שווער באַוועגט דורכן נאַסן גראָז
און זיך געאיילט אין גאַנג. מ׳קען נישט זאָגן, אַז ער זאָל
האָבן אויסגעזען צו עלעגאַנט. נעבן אַ פאַרוועלקטן בלאַט,
אַקוראַט אונטער איר בלום, איז ער שטיין געבליבן, עס אָפּ־
גערוקט אין אַ זייט און אַ ביסל אָפּגעטראָטן הינטער זיך. דאַן
האָט מאַיאַ דערזען, אַז אונטער אים געפינט זיך אַן אַריינ־
גאַנג אין אַ נאָרע.
צו, האָט זי נייגעריק אַ טראַכט געטאָן, וואָס אויף דער

װעלט געפינט זיך אַלץ! װעגן דעם האָט זיך מיר אפילו נישט געחלומט. װי לאַנג מ'זאָל נישט לעבן איז נאָך װיניק אויף צו דערגיין אַלץ, װאָס אויף דער װעלט קען פאָרקומען.

— זי איז געבליבן גאַנץ שטיל זיצן. בלויז דער רעגן האָט געגאָסן מיט אַ שטילן געריוש. פּלוצלונג האָט זי דערהערט װי דער זשוק שרייט אַריין אין דער נאָרע:

„איבער איר װילט מיטגיין מיט מיר אויף יאַכט, מוזט איר תּיכּף ומיד אויפשטיין. ס'איז שוין גרויסער טאָג.” דערפון, װאָס ער איז אויפגעשטאַנען דער ערשטער, האָט ער זיך געפילט אַזוי האָפּערדיק, אַז ס'איז אים געװען זייער שװער צו זיין פריינטלעך.

כ'האָט גענומען אַ ביסל צייט, ביז דער ענטפער איז געקומען, און דאַן האָט מאַיאַ דערהערט אַ דינע, גרילצנדיקע שטימע פון דער נאָרע אַרויס:

„האָט גאָט אין האַרצן, מאַכט צו אויבן די טיר, עס רעגנט אַריין.”

דער זשוק האָט געפאָלגט, און װאַרטנדיק אַ ביסל, פאַרלייגט דעם קאָפּ אויף אַ זייט און אַריינגעקוקט דורכן שפּאַלט.

„איילט זיך צו, זייט מוחל,” האָט ער געזאָגט — שלעכט געשטימט.

מאַיאַ האָט געברענט פון נייגעריקייט, װער ס'װעט דאָ אַרויסקומען. זי איז אַזוי װייט אַרויסגעקראָכן פון בלומענבעכער, אַז אַ גרויסער רעגנטראָפּן איז אַראָפּגעפאַלן אויף איר אַקסל. זי האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און זיך שנעל אָפּגעטרייסלט. פון אונטן האָט זיך אויפגעהויבן דאָס פאַרװעלקטע בלאַט, און ס'איז לאַנגזאַם אַרויסגעקראָכן אַ ברוין חיהלע, װאָס האָט איר אויסגעזען אויפן העכסטן גראַד משונהדיק. עס האָט געהאַט אַנאומבאַװעגלעכן קערפּער און אַן אומגעהייערלעך דיקן קאָפּ מיט קליינע אויפגעשטעלטע טאַפּערס. די פיסלעך זענען געװען זייער דין און זיך לאַנגזאַם באַװעגט. דער אויסדרוק פון געזיכט איז געװען פאַרזאָרגט. דאָס איז געװען אַ פעלד־גריל.

„גוט מאָרגן, מיין איפּפּי", האָט דער זשוק געזאָגט און פון העפלעכקייט וועגן זיך שלאַנק אויסגעצויגן. „ווענט איר גוט געשלאָפן?" און דאַן האָט ער צוגעגעבן: „מיינע בעסטע ווונשן".

איפּפּי האָט גענומען זיין האַנט אַ ביסל גלייכגילטיק.

„ניין, קורט", האָט זי געזאָגט. „איך קען גישט מיטגיין. מ'האַלט אונז שוין צופיל אין די מיילער".

דער אָרעמער זשוק האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן.

„איך קען דאָס גאָרנישט באַגרייפן", האָט ער געשטאַמלט, „צי דען וועט דאָס יונגע גליק פון אונזער פריינטשאַפט צעשטערט ווערן צוליב אַזעלכע נישט-וויכטיקע זאַכן? באַטראַכט זיך נאָר, איפּפּי, וואָס גייען אייך אָן די בייזע צינגער? איר האָט זיך אייער נאָדע, איר קענט דאָרט אריינקריכן, ווען אייך ווילט זיך, און ווען איר פאַרקריכט אַ ביסל טיפער, דערגייט צו אייך קיין פּיפּס נישט".

איפּפּי האָט געשמייכלט טרויעריק און ווי פון אויבן אַראָפּ.

„קורט, איר פאַרשטייט זיך נישט אויף דעם. כ'האָב וועגן דעם מיין אייגענע מיינונג. אַגב, איז נאָך אַ זאַך אין דעם: איר האָט זייער נישט פיין אויסגענוצט מיין אומוויסנהייט. איר האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ רויזן-זשוק, און נעכטן האָט מיר געזאָגט דער וועג-שנעק, אַז איר זענט אַ מיסט-זשוק. דאָס איז אַ גוואַלדיקער חילוק. דער שנעק האָט אייך געזען ביי אַן אַרבעט, וועלכע כ'וויל גאָר איבער מיין מויל נישט ברענגען; איך רעכן, אַז אייך איז קלאָר, דאָס איך האָב חרטה".

ווען קורט איז אַביסל געקומען צו זיך פון זיין שרעק, איז ער אריינגעפאַלן אין כעס:

„ניין, דאָס קען איך שוין נישט פאַרשטיין", האָט ער העפטיק אויסגערופן. „איך וויל מ'זאָל מיך ליב האָבן צוליב מיינע פערזענלעכע מעלות, און נישט צוליב מיין באַשעפטיקונג. ווי אַזוי קענט איר אָפּשאַצן אַ מאַן לויט דעם, ווו ער האַלט זיך אויף".

„ווען ס׳זאָל זיך נישט האַנדלען וועגן מיר, וואָלט איך געקוקט דורך די פינגער", האָט איפּפּי קאַלט געשעפּטערט. „איר מוזט אויך נעמען אין אַכט, אַז אַ יונגע אַלמנה, וואָס איר מאַן איז ערשט מיט דריי טעג צוריק אויפגעצערעסן געוואָרן דורך דער שפּיצמויז, מוז שטאַרק אַכטונג געבן אויף איר אויפפירונג. אַלזאָ — זייט מיר געזונט".

און איפּפּי איז פּלוצלונג מיט איין שפּרונג פאַרשוואונדן געוואָרן אין איר הייל. זי האָט דאָס געמאַכט אַזוי שנעל, אַז ס׳האָט אויסגעזען, ווי אַ ווינט וואָלט זי דאָרט אַוועקגעטראָגן. מאַיאַ האָט זיך ביז אַהער גאָרנישט פאָרגעשטעלט, אַז עמיצער זאָל קענען אַזוי שנעל פאַרשווינדן אין אַ הייל. איצט איז שוין איפּפּי נישט געווען, און דער זשוק האָט געגלאָצט מיט אַ צעחושט פּנים אין דער פוסטער, טונקעלער עפענונג און אויסגעזען אַזוי נאַריש, אַז מאַיאַ האָט זיך געמוזט צעלאַכן.

ענדלעך איז ער געקומען צו זיך און גענומען אומעטיק און אויפגערעגט שאָקלען מיט זיין קליינעם, רונדן קאָפּ און די טאַפּערס זענען אים טרויעריק אַראָפּגעהאָנגען, ווי צוויי פאַררעגנטע פעדערס.

„קיינער ווייס היינט נישט ווי אָפּצושאַצן אַ גוטן כאַראַקטער און אַ סאָלידע פירונג", האָט ער אָפּגעזיפצט. „איפּפּי האָט אַ שטיינערן האַרץ, כ׳האָב נישט געהאַט די דרייסטקייט זיך אַליין אין דעם מודה צו זיין, אָבער ס׳איז אַ פאַקט. אויב זי האָט אָבער צו ווייניק האַרץ אויף צו זיין מיין חברטע, טאָ וואָלט זי כאָטש ווייניקסטנס געדאַרפט האָבן גענוג פאַרשטאַנד דערצו".

מאַיאַ האָט געזען, ווי טרערן האָבן אים פאַרלאָפן די אויגן, און איר האַרץ איז פול געוואָרן מיט מיטלייד.

קורט איז אָבער פּלוצלונג געוואָרן רירעוודיק. ער האָט אויסגעווישט פון די אויגן די טרערן און פאָרזיכטיק זיך געשטעלט הינטער אַ קופּקעלע ערד, וואָס זיין חברטע האָט וואַרשיינלעך אַרויסגעוואָרפן פון איר דירה. מאַיאַ האָט דערזען אַ קליינעם רויטלעכן רעגנוואָרים, וועלכער איז געקראָכן אי-

בערן גראָז. ער האָט זיך באַוועגט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן. דאָ האָט ער זיך געמאַכט לאַנג און דין, דאַן ווידער קורץ און דיק און זיין ווייסער קערפּער איז באַשטאַנען פון לויטער צאַרטע רינגען, וועלכע האָבן זיך אָן שום גערויש געגליטשט פאָרויס. מאַיאַ האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, ווען קורט האָט פּלוצלונג געמאַכט אַ טריט פאָרויס פון זיין באַהעלטעניש, געפּאַקט דעם וואָרים און אים צעביסן אויף צוויי טיילן. ער האָט געלאָזן גענומען עסן איין העלפט, און די פאַרצווייפלטע קורטשן פון די ביידע וואָרים-טיילן, אויף דער ערד און אין זיינע אָרעמס, האָבן אים גאַנץ ווייניק געקימערט. דאָס איז געווען אַ גאַנץ קליינער וואָרים.

„אַ ביסעלע געדולד", האָט קורט געזאָגט, „ס'וועט גלייך פאַריבער".

אָבער ביים קייען האָט ער זיך, ווי ס'שיינט, ווידער דערמאָנט אָן איפּבי, וועלכע ער האָט פאַרלאָרן אויף אייביק, און גרויסע טרערן זענען געראָנען איבער זיינע באַקן.

די קליינע מאַיאַ האָט אים אין איר באַהעלטעניש אויפריכטיק באַדויערט. די וועלט פאַרמאָגט זייער אַ סך טרויעריקעס, האָט זי געטראַכט. פּלוצלונג האָט זי באַמערקט, ווי איין וואָרים-העלפט, וועלכע קורט האָט אין זיין צער אָפּגעלייגט אין אַ זייט, האָט גענומען אײַליק אַוועקקריכן.

„וע, ביסט אַ מבין!" האָט זי אויסגערופן, און פון שרעק האָט זי דאָס געטאָן אַזוי הויך, אַז קורט האָט זיך מיט פאַרוואונדערונג אַרומגעקוקט.

„אין אַ זייט!" האָט זי אויסגערופן, תּיכף ווי ער האָט עס דערהערט.

„אָבער איך זע איך גאָרנישט אין וועג", האָט קורט אָפּגעענטפערט.

„וווּ דען זיצט איר?" האָט ער געפרעגט, „ערגיץ מוז איר דאָך זיצן".

„דאָ אויבן", האָט מאַיאַ אויסגערופן, „איבער אייך אין דער בלום".

„כ'מוז אייך גלויבן אויפן וואָרט", האָט קורט געזאָגט.
„ווייל כ'בין נישט קיין הייפּרינגער, כ'קען נישט פאַררייסן דעם קאָפּ, אזוי ווייט אין דער הויך. אז כ'זאָל אייך זען. פאַרוואָס האָט איר עס א געשריי געטאָן?"
„איין העלפט וואָרים לויפט אַוועק", האָט מאַיאַ אויסגערופן.
„יאָ, יאָ", האָט קורט געזאָגט און נאָכגעקוקט דעם האלבן ווערעמל, „דידאָזיקע ברואים זענען פול מיט לעבן. כ'האָב מער קיין אפּעטיט נישט". און ביי דידאָזיקע ווערטער האָט ער איינגעשלונגען דעם רעשט פון וואָרים, וועלכן ער האָט נאָך געהאלטן אין זיינע הענט און דערדאָזיקער געבליבענער טייל האָט זיך אויך אָפּגעטראָגן אין דער אַנדער זייט.
מאַיאַ איז געווען אויסער זיך פון איבערראַשונג, אָבער קורט האָט געמיינט קענען דידאָזיקע טבע פון וואָרים.
„איר זאָלט נישט מיינען, אז כ'עס תמיד ווערים", האָט ער געזאָגט, „אָבער נישט אומעטום געפינט מען רויזן".
„זאָגט, לכל הפחות, דעם קליינינקן, וווּ זיין אַנדער העלפט איז אנטלאָפן געוואָרן", האָט מאַיאַ אָפּגעענטפערט אין גרויס אויפרעגונג.
קורט האָט ערנסט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: „וואָס דער גורל צעשיידט, זאָל מען נישט פּרוּוון ווידער צו פאַרבינדן!", האָט ער געזאָגט. „ווער זענט איר?"
„איך בין מאַיאַ, פון בינען-פאָלק".
„מיר איז דאָס זייער אנגענעם", האָט קורט געזאָגט, „צו די בינען האָב איך גאָרנישט. פאַרוואָס זיצט איר דאָ? דאָס טוען דאָך נישט געוויינלעך די בינען. זיצט איר שוין לאַנג דאָ?"
„כ'בין דאָ געשלאָפן".
„אזוי, האָט קורט געזאָגט מיט חשד. „כ'וויל האָפן, אַז איר האָט א שטאַרקן, געזונטן שלאָף. איר האָט זיך, מסתמא, עפּעס איצט אויפגעכאַפּט?"
מאַיאַ האָט עס באַשטעטיקט, ווייל זי האָט געזען, אז

קורט וואָלט נישט געווען צופרידן, ווען עמיצער זאָל זיך האָבן צוגעהערט צו זיין שמועס מיט איפּפּי, און זי האָט אים נישט געוואָלט אָנטאָן אַן איבעריק מאָל קיין עגמת-נפש.

קורט איז אַרומגעלאָפן הין און צוריק און זיך באַמיט אַרויפצוקוקן.

„וואַרט נאָר", האָט ער געזאָגט, „ווען כ'וועל זיך אַביסל אויפטרעטלען אויף יענעם גרעזל, וועל איך אייך קענען זען, און איר וועט מיר אויך קענען אַריינקוקן אין די אויגן. דאָס וועט איר דאָך, מסתמא, טאָן זייער גערן".

„געוויס", האָט מאַיאַ געזאָגט, „דאָס וועט מיר זיין זייער אָנגענעם".

קורט האָט אויסגעפונען אַ פּאַסיק גרעזל, דאָס איז געווען אַ שטענגל פון דער פּוטערבלום, און אַזוי ווי די בלימעלעך האָט זיך אַביסל פאַרבויגן אין אַ זייט, האָט אים מאַיאַ געקענט באַטראַכטן, ווי ער האָט זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיסלעך און אַרויפגעקוקט צו איר. זי האָט איינגעפונען, אַז ער האָט אַ ליב פריינטלעך פּנים; ער האָט שוין נישט אויסגעזען גאָר יונג און געהאַט פולע באַקן. ער האָט זיך פאַרנייגט, אַזוי, אַז די בלום האָט זיך אַביסל געוויגט און ער האָט זיך פאָרגעשטעלט:

„קורט, פון דער פאַמיליע רויזן-זשוקעס".

די קליינע מאַיאַ האָט אין זיך געמוזט לאַכן, ווייל זי האָט זייער גוט געוווּסט, אַז קורט איז געווען אַ מיסט-זשוק, אָבער אַזוי ווי זי האָט אים נישט געוואָלט קרענקען, האָט זי וועגן דעם קיין פּיפּס נישט געטאָן.

„האָט איר קיין מורא נישט פאַרן רעגן? האָט מאַיאַ געפרעגט.

„אָ, ניין. כ'בין דערצו געוויינט פון די רויזן, דאָרט רעגנט מייסטנס".

מאַיאַ האָט אַ טראַכט געטאָן: אַביסל מוז מען אים אָנ-לערנען פאַר זיינע דרייסטע ליגנס, ער איז אַ גיט-קשהדיקער בעל-גאווהניק.

„קורט", האָט זי געזאָגט און דערביי פאָרזיכטיק אַ שמייכל געטאָן, „וואָס פאַר אַ הייל געפינט זיך דאָ אונטערן בלאָט ?"

קורטן האָט אַ זעץ געטאָן דאָס בלוט.

„אַ הייל ?" האָט ער געפרעגט, „איר רעדט וועגן עפּעס אַ הייל ? עס זענען דאָ פאַראַנען אַ סך היילן, דאָס איז, מסתמא, איינע פון זיי. איר האָט גאָר קיין אַנונג נישט, סאַראַ סך ערד-גריבער עס זענען דאָ".

אָבער צוליבן פאַרבאָרגענעם פחד, וואָס אים איז באַ-פאַלן, איז מיטאַמאָל געשען עפּעס שרעקלעכעס. פון גרויס אָנשטרענגונג זיך ארויסצוּווייזן וואָס געלאַסענער, האָט קורט פאַרלאָרן דאָס גלייכגעוויכט. מאַיאַ האָט דערהערט זיין פאַר-צווייפלטן געשריי און גלייך נאָכדעם האָט זי אים דערזען ליגן אויפן רוקן, צאַפּלענדיק הילפלאָז מיט הענט און פיס.

„איך בין פאַרלאָרן !" האָט ער געשריגן, „כ'בין נישט אימשטאַנד זיך ווידער צו שטעלן אויף די פיס. כ'וועל מוזן שטאַרבן. קיין מער טרויעריקער גורל האָט נאָך קיינעם נישט געטראָפן".

ער האָט אַזוי הויך געיאָמערט, אַז ער האָט נישט גע-הערט מאַיאַס טרייסט-ווערטער. ער האָט זיך באַמיט צו דער-גרייכן מיט זיינע פיס דעם באָדן, אָבער יעדעסמאָל, ווען אים האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט שוין אַ פעסטן אָנשפּאַר, פלעגן די קליינע ערד-קופקעלעך, וועלכע ער האָט מיט אַזוי פיל מי אָנגעכאַפּט, נישט אויסהאַלטן, און ער פלעגט ווידער פאַלן אויף זיין הויכן, רונדן רוקן. ס'איז באמת געווען אַן אויסער-געוויינלעך טרויעריק בילד, און די קליינע מאַיאַ האָט זיך אויפריכטיק געשראָקן פאַר אים, בפרט אַז ער איז שוין שטאַרק בלייך געוואָרן און זיין געשריי האָט ממש געריסן דאָס האַרץ.

„כ'וועל דאָס נישט אויסהאַלטן", האָט ער געשריגן, „קוקט כאָטש נישט אויף מיר. פּייניקט נישט קיין גוסס מיט אייערע אומדערטרעגלעכע בליקן. אָך, ווען כ'וואָלט כאָטש גע-קענט אָנכאַפּן אַ גרעזעלע, אָדער דאָס שטענגל פון דער פּוי-

טערבלום. ווער קען זיך אָנהאַלטן אין פוסטער לופט? קיינער קען דאָס נישט״.

דאָס האַרץ פון דער קליינער מאַיאַ האָט געציטערט פון מיטלייד.

„האַרט נאַר״, האָט זי אויסגערופן, „כ׳וועל איך פרוּוון אַוועקשטעלן אויף די פיס, ס׳וועט מיר, מסתמא, געלינגען, ווען כ׳וועל זיך אָנשטרענגען. אָבער קורט, ליבער קורט, שרייט נישט אַזוי, הערט מיך אויס: ווען כ׳וועל אַרונטערבייגן א קליין גרעזעלע און אייך דערלאַנגען זיין שפּיץ, וועט איר זיך קענען אַן עצה געבן?״

אָבער קורט האָט בסדר געבאַכט גראַלדן און זי נישט פאַרשטאַנען, ער איז אינגאַנצן צעחושט געווען פאַר טויט־שרעק. די קליינע מאַיאַ האָט נישט אויסגעהאַלטן און אַרויס־געפלויגן פון איר באַהעלטעניש, נישט־געקוקט אויפן טריפּנ־דיקן רעגן, אויסגעזוכט אַ שמאָל, גרין גרעזעלע, וואָס איז גע־וואַקסן נאָנט פון קורטן און זיך איינגעקלאַמערט אין זיין די־נעם שפּיץ. ווען דאָס גרעזעלע האָט זיך אונטער איר משא אַזוי אַראָפּגעבויגן, אַז עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פונקט אי־בער דעם צאַפּלדיקן קורט, האָט זי גענומען יובלען פאַר פרייד.

„האַלט זיך אָן פעסט״, האָט מאַיאַ געשריגן.

קורט האָט עפּעס דערשפּירט איבער זיין געזיכט און עס האַסטיק אָנגעכאַפּט, צוערשט מיט איין האַנט, דערנאָך מיט ביידע און לסוף אויך מיט די פיסלעך, וועלכע האָבן געהאַט פּרכּכסיקע שאַרפע נעגל, יעדע צו צוויי. לאַנגזאַם האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן גרעזעלע אַלץ נידעריקער, ביז ער האָט דערגרייכט דעם שטענגל־וואָרצל, און דאָרט, ווו דאָס גרעזעלע איז געווען שטאַרקער און דיקער, האָט ער זיך שוין געקענט אויסגלייכן.

ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט.

„מיין גאָט״, האָט ער געזאָגט, „דאָס איז באמת געווען שרעקלעך. ווען נישט מיין קאַלטבלוטיקייט, וואָלט איך בלי ספק געפאַלן אַ קרבן פון אייער פלוידעריי״.

„פילט איר זיך שוין אַביסל בעסער?" האָט געפרעגט די קליינע מאַיאַ.

קורט האָט זיך געהאַלטן ביים שטערן.

„אַ דאַנק, אַ דאַנק, ווען דאָס שווינדלען וועט אַריבער, וועל איך אייך גענוי דערציילן.

אָבער מאַיאַ האָט שוין די תשובה אויף איר פראַגע נישט באַקומען, ווייל גראָד האָט דורך די גראָזן דורכגעפלאַטערט אַ גראָז־מיק, וועלכע איז געפלויגן אויף יאַכט נאָך אינזעקטן. די קליינע בין האָט זיך פעסט צוגעדריקט צום באָדן און גאַנץ שטיל געזעסן ביז דער פויגל איז פאַרבייגעפלויגן. און ווען זי האָט שפּעטער גענומען אויפזוכן קורטן, איז ער שוין געווען טויט. האָט אויך אונזער קליינע מאַיאַ זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעפלויגן, ווייל ס׳האָט אויפגעהערט צו רעגנען און דער טאָג איז געווען העל און וואַרעם.

## דאָס זיבעטע קאַפּיטל

# דער גרינער הייש־שפּרינגער

דאָס איז שוין איינמאָל אַ טאָג געווען! גאַנץ פרי פון פרימאָרגן איז געפאַלן אַ טוי, דאַן איז די זון אויפגעגאַנגען איבערן וואַלד און געשיקט דיאַגאָנאַלע שטראַלן דורכן גרינעם גראָז, אַזוי אַז ס'האָט געגומען שימערירן אין פינקלען, און פון גליקזעליקייט און התפעלות איבערן דאָזיקן פּרעכטיקן בילד האָט מען נישט געוווּסט, וואָס מ'זאָל זאָגן אָדער טאָן.

גלייך פון פרימאָרגן, ווי נאָר די קליינע מאַיאַ האָט אויפגעעפנט די אויגן, האָט זי אַרום זיך געהערט לוסטער הויכע פרייד־געשרייען. טייל־ווייז זענען זיי געקומען פון די הויכע בוימער, פון די פייגל. פאַר וועלכע זי האָט זיך געשראָקן, און וועלכע האָבן געקענט אַזוי שיין זינגען, טייל פון דער לופט, פון פאַרביי־פליענדיקע אינזעקטן, אָדער פון די קוסטעס און גראָז — פון זשוקעס, זומער־פייגעלעך און פון קליינע און גרייסע פליגן.

מאַיאַ האָט זיך גאַנץ באַקוועם איינגעאָרדנט אין אַ בוים־לאָך. דאָרט איז געווען זיכער און טרוקן און אויך אַ שטיק אין דער נאַכט איז דאָרט געווען וואַרעם, ווייל דעם גאַנצן טאָג האָט די זון געוואַרעמט דעם איינגאַנג. אמת, איינמאָל גאָר באַגינען האָט זי דערהערט, ווי דער פיקהעלץ האָט געקלאַפּט אויפן שטאַם פון איר בוים און זי האָט איילן געמאַכט פּליטה, ווייל פאַר אַ קליינעם אינזעקט, וואָס האַלט זיך אויף אין בוים־קאָרע, איז הערן קלאַפּן דעם פיקהאָלץ נישט ווייניקער שרעקי־

לעך, ווי פאַר אונז, ווען מיר הערן ביינאַכט דעם געוויש פון אַ גנב, וועלכער ברעכט אויף די פענסטער-לאָדנס. דערפאַר אָבער איז זי געווען זיכער ביינאַכט, קיינער האָט זי דאַן ניסט געזוכט אין איר באַהעלטעניש.

אין אַ זייטיקן שפּאַלט, ווי ס׳איז געווען טונקל און קיל, האָט זי זיך געהאַפּן אַ קליינעם האָניק-שפּייכלער, כדי אין רעגנטעג צו זיין פאַרזאָרגט מיט שפּייז; און דעם איינגאַנג צו איר וואָלד-שלאָס האָט זי אַביסל פאַרקלעפּט מיט וואַקס. אַזוי אַז ער איז געווען פּונקט אַזוי גרויס, ווי ס׳איז נויטיק כדי באַקוועם אַדורכצוקריכן.

מיט אַ הויכן יובל-געשריי, פול מיט לעבנס-פרייד, האָט זיך די קליינע מאַיאַ אין דאָזיקן פרימאָרגן אַ הויב געטאָן אין זונענשיין, כדי צו זעי וואָס דער נייער טאָג וועט איר ברענגען.

זי איז געפלויגן גלייך פאַר זיך דורך דער גאָלדענער ליכט פון דער לופט, אַזוי, אַז זי האָט אויסגעזען ווי אַ קליין שנעל פינקעלע, וואָס ווערט געטריבן פון ווינט.

„היינט וועל איך טרעפן אַ מענטשן״, האָט זי אויסגעשריען, „אין אַזעלכע טעג געפינען זיך געוויס אויף די מעטנשן אין וועג, כדי הנאה צו האָבן פון דער הערלעכער נאַטור״. זי האָט נאָך קיינמאָל ניסט באַגעגנט אַזויפיל אינזעקטן, אין דער לופטן איז געשטאַנען אַזאַ געוודער, אַ זשומעריי, געלעכטערס און יובל-אויסרופן, אַז ניסט-ווילנדיק האָט מען זיך געמוזט ביטפּרייען.

די קליינע מאַיאַ האָט זיך ענדלעך אַראָפּגעלאָזט אין געדיכטן גראָז, אין וועלכן עס זענען געוואַקסן אַ סך בלומען אין געזייקסן. די העכסטע זענען געווען די ווייסלעכע-בליעכץ-פרענזלעך פון דער ריאַבינע און העל-רויטע, לייכטנדיקע מאָן-בלומען, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע צוציונגס-קראַפט. ווען מאַיאַ האָט גענומען אַ ביסל האָניק פון אַ בלום און שוין געהאַלטן ביים ווייטער פליען, האָט זי דערזען אויף אַ גרעזל, וואָס האָט זיך אריבערגעבויגן צו איר בלום, זייער אַן אויסטערלישן נפש. צוערשט האָט זי זיך שטאַרק דערשראָקן, ווייל

זי האָט נישט געהאַלטן פאַר מעגלעך, אַז אַזאַ גרינע, מאַגע־
רע פאַרזעעניש זאָל קענען עקזיסטירן, אָבער דערנאָך האָט
זיך אויפגעוועקט אין איר אַזאַ גרויסע נייגעריקייט, אַז זי איז
געבליבן זיצן, ווי אַ צוגעשמידטע, און נישט געקענט אָפּרייסן
איר בליק פון לאַנג־פּיסיקן פרעמדן. ס׳האָט אויסגעזען, ווי ער
וואָלט האָבן הערנער, אָבער דאָס האָט זיך נאָר געדוכט צו־
ליב דעם, ווייל זיין שטערן איז געווען אַרויסגעשפּאַרט אויף
אַן אויסטערלישן אופן. אויפן שטערן האָט ער געהאַט צוויי
אומענדלעך לאַנגע, ווי פעדים דינע סאַפּערס, ער האָט אויס־
געזען וייער שלאַנק און געהאַט פיינע פּאָדערשטע פיסלעך אין
גאָר דינע נישט־אָנזעעוודיקע פליגעלעך, מיט וועלכע ב׳האָט
גאַנץ ווינציק געקענט אויפטאָן, לויט מאַיאַס מיינונג. אָבער
דאָס מערקווירדיקסטע ביי אים זענען געווען זיינע צוויי גרוי־
סע, הויכע הינטערשטע פיס, וועלכע האָבן זיך אויפגעהויבן
איבער אים ווי צוויי ריזיקע, אָנגעבראָכענע שטאַלצן. ער איז
דורך און דורך געווען גרין, און זיינע כיטרע אויגן האָבן גע־
האַט אין זיך עפּעס פרעכעס און גלייכצייטיק דערשטוינטעס.
אָבער כ׳האָט געקענט אויף זיכער זאָגן, אַז זיי זענען גיכער
געווען גוטמוטיק, ווי שלעכט.

„נו, וואָס, פריילין״, האָט ער געזאָגט צו מאַיאַן, גע־
גערט דורך איר פאַרוואונדערטן געזיכטס־אויסדרוק, „איר האָט
נאָך, ווי ס׳שיינט, קיינמאָל קיין גרינעם הייסשפּרינגער נישט גע־
זען? אָדער, אפשר לייגט איר גאָר אייער ז״

„וואָס פאַלט אייך עפּעס איין״, האָט מאַיאַ אויסגעריסן
מיט צאָרן. „ווי אַזוי קען איך גאָר קומען אויפן דאָזיקן גע־
דאַנק? ווען כ׳זאָל עס קענען אפילו, וואָלט איך דאָס אויך
קיינמאָל נישט געטאָן. ווי אַזוי וואָלט איך זיך געקענט דער־
וועגן צו דערפילן אַזוי לייכטזיניק די הייליקע פליכטן פון
דער מלכה?״

דער הייסשפּרינגער האָט זיך אַביסל איינגעבויגן ... ן אָנ־
געשטעלט אַזאַ אויסערגעוויינלעך קאָמיש געזיכט, אַז מאַיאַ האָט
זיך געמוזט צעלאַכן, נישט געקוקט אויף איר פאַרדרוס.

„פריילך", האָט ער אויסגערופן, אָבער ער האָט גלייך אַליין אויך געמוזט אָנהויבן לאַכן און האָט בלויז געזאָגט:
„אוי זענט איר אַ סחורה!"

מאַיאַ האָט שוין אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם געדולד צוליב דער האַלטונג פון דאָזיקן אויסטערלישן פאַרשוין. „פאַרוואָס לאַכט איר?" האָט זי געפרעגט אומפריינטלעך, „איר קענט דאָך נישט ערנסט פאָדערן, אַז כ'זאָל לייגן אייער און דערצו נאָך דאָ אויפן גראָז".

דאָ האָט זיך דערהערט אַ קנאַק, דער היישפרינגער האָט געזאָגט: „האָפּלאַ!" און — ער איז שוין געווען נישט קיין היגער.

מאַיאַ איז געווען פאַרגאַפט. נישט באַנוצנדיק זיינע פליגל האָט ער זיך אַ הויב געטאָן הויך אין דער לופט אין אַ ריזיקן בויגן, מיט אַ וואָגעניש, וואָס האָט אין מאַיאַס אויגן געגרעניצט מיט משוגעת.

אָבער ער איז גלייך צוריקגעקומען. זי האָט נישט גע-קענט זען, פון וואַנעט ער איז געקומען, אָבער ער איז געזעסן נעבן איר אויפן בלאַט פון בלום.

ער האָט זי באַטראַכט פון אַלע זייטן, פון הינטן און פון פאָרנט:
„ניין", האָט ער פרעך געזאָגט, „איר קענט גאָר נישט לייגן קיין אייער, איר זענט נישט איינגעאָרדנט דערצו. איר האָט נישט קיין אייער-לייגער".

„וואָס", האָט מאַיאַ אויסגערופן, „קיין אייער-לייגער?" זי האָט זיך אַביסל צוגעדעקט מיט אירע פליגלען און זיך אַזוי אומגע-דרייט, אַז דער פרעמדער האָט געקענט זען נאָר איר געזיכט.
„נו, געוויס. כאַלט נאָר נישט אַראָפּ פון אייער פאָדיום, פריילן. איר זענט אַ וועכפּ, נישט אמת?"

עפּעס ערגערס האָט שוין מיט דער קליינער מאַיאַ גאָר נישט געקענט פּאַסירן.

„אויסוווּרף!" האָט זי אַ געשריי געטאָן.

„האָפּלאַ!" האָט געענטפערט דער היישפרינגער און שוין נישט געווען קיין היגער.

אזא פארשוין קען נישקשהדיק נערוועז מאַכן, האָט מאַ־יאַ אַ טראַכט געטאָן ווען באַשלאָסן אַהערקומען. אויף וויפל זי האָט געדענקט, האָט זי נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט אזא באַליידיקונג. ס'איז געווען פאַר איר די גרעסטע חרפה מ'זאָל זי אָנגעמען פאַר אַ ווערטס, מ'זאָל זי צורעכענען צו דער דאָזיקער נוצלאָזער רויבער־באַנדע, צום דאָזיקן גנבים־פאָלק, צו דידאָזיקע ליידיק־גייערס. ס'איז באמת געווען סקאַנדאַליעז.

אָבער גאַדיר, דער הייספרינגער איז שוין ווידער דאָ.

„פריילך", האָט ער געזאָגט און זיך לאַנגזאַם אויסגעדרייט אַביסל, און דערביי האָבן זיינע לאַנגע הינטער־פיס אויסגעזען ווי וויזערס, רען זיי ווייזן פינף מינוט צו האַלב זיבן. „פריילך, איר מוזט מיר מוחל זיין, וואָס כ'רייס איבער פון צייט צו צייט דעם שמועס. פלוצלונג גיט עס מיר אַ טראָג, כ'מוז געבן אַ שפרונג, כ'מוז שפרינגען אַרום דער וועלט, ווו עס זאָל נישט זיין. טרעפט עס נישט אויך מיט אייך"?

ער האָט אויסגעצויגן זיין מויל פון איין אויער צום אַנ־דערן, און געשמייכלט צו מאַיאַ. ס'האָט איר גאָרנישט געהאָלפן, זי האָט זיך אויך געמוזט צעלאַכן. —

„אַ פראַגע דאָס איז"! האָט געזאָגט דער הייספרינגער און צוגעווונקען גוט־ברידעריש.

„ווער זענט איר אַזוינס"? האָט מאַיאַ געפרעגט, איר ווירקט מיר שרעקלעך אויף די נערוון".

„ווער קען דאָס מיר נישט", האָט געזאָגט דער גרינער און ווידער אויסגעשטשירעט די ציינער, — מאַיאַ האָט נאָך קיי־נעם נישט געזען אַזוי אויסקשטירן די ציין. זי האָט נישט גע־קענט פאַרשטיין, צי ער רעדט ערנסט, אָדער אין שפּאַס.

„איך בין פרעמד אין דערדאָזיקער געגנט", האָט זי פריינטלעך געזאָגט, „ווען נישט דאָס, וואָלט איך אייך זיכער געקענט, אָבער כ'בעט אייך צו געדענקען, אַז איך געהער צו דער בינען־משפחה, און מיר האָט זיך אפילו נישט געחלומט צו זיין אַ ווערטס".

„נאָס מיינער", האָט געזאָגט דער הײשפּרינגער, „דאָס איז דאָך אײנס און דאָס זעלבע".

מאַיאָן האָט פאַר אויפרעגונג פאַרפעלט אָטעם.

„איר זענט אַן עם-הארץ", האָט זי ענדלעך באַקומען לשון, „ס׳וואָלט נישט געשאַדט, איר זאָלט אַמאָל אָנקוקן אַ ווערטער".

„וואָס וועל איך האָבן דערפון?" האָט געענטפערט דער גרינער. „וואָס האָט דאָס פאַר אַ צוועק צו באַמערקן אונטער-שיידן, וועלכע עקזיסטירן נאָר אין דער פאַנטאַזיע? איר פליט אַרום אין דער לופט, איר שטעכט אַלץ, וואָס קומט אייך אונ-טערן נאָז, און קענט נישט שפּרינגען. געטוי דאָסזעלבע איז מיט די ווערטער. ווי-זשע איז דאָ דער חילוק? האָפּלאַ!" און ער איז שוין נישט קיין היגער.

איצט וועל איך שוין אָוועקפליען, האָט מאַיאַ אַ טראַכט געטאָן.

אָבער ער איז שוין ווידער דאָ.

„פרײלן", האָט ער אויסגערופן, „מאָרגן איז אַ שפּרינג-גע-ווער אין גאָרטן פונעם גלח זיינדפיק. ווילט איר אפשר אַן אַריינ-גאַנג-בילעט, כדי אַלץ צו קענען זען? מיין אַלטע האָט נאָך צוויי בי-לעטן און פאַר אַ גוט וואָרט וועט זי איינעם אָוועקגעבן. איך האָף צו באַקומען דעם ערשטן פּריז".

„איך אינטערעסיר מיך נישט מיט שפּרינגערייען", האָט מאַיאַ געזאָגט מיט פאַרדראָס. „ווער עס קען פליען, דער האָט העכערע אינטערעסן".

דער הײשפּרינגער האָט אויסגעשטשירעט זיינע ציין, און ס׳וואָס זיך דערהערט זיין געלעכטער.

„פאַררייסט נישט צו פיל די נאָז, פרײלן. דער גרעסטער טייל באַשעפענישן פון דער וועלט קענען פליען, אָבער שפּרינ-גען קען דער קלענסטער טייל. איר האָט נישט קיין ידיעה וועגן די אינטערעסן פון דער אַרומיקער וועלט. דעם באַגער נאָך אַ הויכן, עלעגאַנטן שפּרונג געפינט איר אפילו ביים מענטשן. דאָ נישט לאַנג האָב איך געזען ווי דער גלח זיינדפיק האָט געשפּרונגען כמעט אויף אַ מעטער די הויך, כדי צו געפעלן ווערן אַ קליינער שלאַנג, וואָס איז געלאָפן פאַר אים איבערן

וועג. זיין פאַראַכטונג צו אַלץ, וואָס האָט קיין שייכות נישט געהאַט מיט שפּרינגען, איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט אַפילו אָוועקגעשליידערט זיין פּיפּקע, אָן וועלכער קיין איין גלח קאָן נישט לעבן. טראַכט זיך נאָר אַריין אין דערדאָזיקער זאַך! — איך האָב געקענט הייסשפּרינגערס, — זיי זענען טאַקע געווען פון מיין משפחה, — וועלכע האָבן געשפּרונגען דריי-הונדערט מאָל אַזוי הויך, ווי זייער וווקס. יאָ, איצט שטויגט איר שוין און איר זאָגט קיין וואָרט נישט, און אין זיך האָט איר חרטה אויף אַלץ, וואָס איר האָט נאָר וואָס געזאָגט, און וואָס איר האָט נאָך געהאַט בדעה צו זאָגן. דרייהונדערט מאָל אַזוי הויך, ווי זיין וווקס! נו, פאָדערט נאָר פון עמיצן ער זאָל דאָס טאָן! אפילו די גרעסטע חיה פון דער וועלט, דער העלפאַנט, איז נישט בכח צו מאַכן אַזאַ שפּרונג. נו? איצט שווייגט איר שוין! האָב איך דען נישט פאָרויס געזאָגט, אַז איר וועט שווייגן?"

„ווי אַזוי קען איך ריידן, אַז איר מאַכט נישט צו דאָס מויל אויף אַ רגע אַפילו", האָט מאַיאַ אויסגערופן.

„סאָ רעדט", האָט פריינטלעך געזאָגט דער הייסשפּרינגער, און גלייך דערנאָך אויסגערופן: „האָפּפּלאַ"! און — נישטאָ אים.

נישט געקוקט אויף איר פאַרדראָס, האָט די קליינע מאַיאַ זיך צעלאַכט. עפּעס ענלעכעס האָט זי נאָך קיינמאָל נישט אָנגעטראָפן. כאָטש דער הייסשפּרינגער האָט זי מיט זיין קאָמישער אויפפירונג שטאַרק איבעראַשט, פונדעסטוועגן האָט זי באַוווּנדערט זיין גרויסע וועלט-דערפאַרונג און זיינע ברייטע ידיעות. אמת, וועגן שפּרינגען האָט זי געהאַט אַ גאַנץ אַנדערע מיינונג ווי ער, אָבער די סך נייסן, וועלכע זי האָט זיך דערוווּסט אין משך פון דער קורצער אונטערהאַלטונג, האָט איר שטאַרק פאַרוווּנדערט. ווען מ'וואָלט זיך אויפן גרינעם געקענט אַביסל מער פאַרלאָזן, וואָלט זי אים גאַנץ גערן אויסגעפרעגט וועגן אַלצדינג. זי האָט געטראַכט ביי זיך: אָפט לעבן איבער גאָר אַ סך דווקא יענע, וועלכע ווייסן גאָר ווייניק, וואָס דערמיט צו מאַכן.

צי דען האָט ער פאַרשטאַנען די שפּראַך פון די מענטשן.

וואָס ער ווייס זייערע נעמען? אויב ער וועט זיך אומקערן נאָך אַמאָל, האָט זי באַשלאָסן אים פונאַנדערצופרעגן וועגן דעם. זי וועט אים אויך פרעגן וואָס איז זיין מיינונג וועגן דעם, אַז מען זאָל זיך דערנענטערן צום מענטשן און פרווון באַזוכן אים אין זיין וווינונג.

„פריילן"! האָט זי דערהערט נעבן זיך, און אַ גרעזל האָט זיך אַ וויג-געטאָן.

„גאָט מיינער", האָט מאַיאַ געזאָגט, „פונוואַנעט נעמט איר זיך"?

„פון דער אומגעגנט", האָט געזאָגט דער הײשפּרינגער.

„אָבער זאָגט נאָר", האָט מאַיאַ אויסגעשריגן, „צי דען שפּרינגט איר סתם אין דער וועלט אַריין, נישט ווייסנדיק, ווו איר וועט אַריינשפּרינגען, נישט ווייסנדיק דאָס אָרט, ווו איר וועט אָנקומען"?

„נאַטירלעך", האָט דער גרינער אָפּגעענטפערט. „ווי דען אַנדערש? קענט איר אפשר וויסן די צוקונפט? דאָס קען קיי-נער נישט. נאָר די גרינע פראָש ווייסט דאָס, אָבער זי זאָגט נישט אויס דעם סוד".

„ווי געבילדעט איר זענט", האָט אויסגערופן די קליינע מאַיאַ, „דאָס איז פשוט גרויסאַרטיק. פאַרשטייט איר אויך די שפּראַך פון די מענטשן"?

„דאָס איז אַ פראַגע, אויף וועלכער ס'איז שווער צו געבן אַן ענטפער, פריילן, ווייל ס'איז נאָך בכלל נישט דערוויזן געוואָרן, צי די מענטשן האָבן אַ שפּראַך. פון צייט צו צייט גיבן זיי אַרויס פון זיך קלאַנגען, וואָס זייער עקלהאַפטע נישט-קלינגעוודיקייט איז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלן. אָבער עס שיינט, אַז זיי פאַרשטענדיקן זיך דאָך דורך זיי. איינס מוז מען מודה זיין, אַז זיי האָבן אַן אויפריכטיקן פאַרלאַנג צו אַ פיינער שטימע. כ'האָב געזען צוויי יינגלעך, וועלכע האָבן גענומען צווישן זייערע פינגער גרעזעלעך און מיטן מויל אַרויפגעבלאָזן לופט אויף זיי, אַזוי, אַז ס'איז אַרויסגעקומען אַ ששומענדיקער טאָן, וועלכער האָט געכאַפּט אַ ווייטע ענלעכקייט צום גרילצן פון

אַ גריל; אָבער ווי קומט ער צו אים. יעדנפאַלס באַמיען זיי זיך ווי צום בעסטן. ווילט איר אפשר נאָך עפּעס וויסן? כ'האָב סונדערסטווענן אַ ביסל ידיעות".

און ער האָט אָנגעשטעלט אויף מאַיאַן אַן אויסגעשטשי־רעט מויל, אַז מ'האָט געקענט הערן דאָס קנאַקן.

ווען ער איז אָבער פּלוצלונג ווידער אַוועקגעשפּרונגען, איז ער ווי פאַרפאַלן געוואָרן און די בין האָט אומזיסט גע־וואַרט אויף אים אַ רעכטע ווײַלע. זי האָט אים אַרומגעזוכט אין גראָז און צווישן די בלומען, אָבער ס'איז נישט מעגלעך געווען אים אויסצוגעפינען.

# פּוך

די מיטאָק-היץ פון דאָזיקן שיינעם זומערטאָג האָט שטאַרק איינגעמאַטערט די קליינע מאַיאַ, זי איז רויק פאַרביי-געפלויגן העל באַלויכטענע גאָרטנקוסטעס, ביז די גרויסע בלע-טער פון אַ ריזיקן קאַשטאַן-בוים האָבן איר אָנגעבאָטן שוץ און קילקייט. אויפן צוגעדעפּטשעטן גראָז אונטער אַ קאַשטאַן-בוים זענען געשטאַנען טישן און בענק; דאָס איז, וואַרשיינלעך, גע-ווען אַ זומער-וווינונג, וועלכע מ'האָט דאָ איינגעאָרדנט. נישט ווייט האָט שימערירט אַ רויטער ציגל-דאַך פון אַ פויערן-הויז און פון זיינע קוימענס האָט זיך געהויבן אין זונענשיין אַ בלאַ-לעכער רויך.

די קליינע מאַיאַ איז זיכער געווען, אַז זי וועט דאָ ענדלעך טרעפן דעם מענטשן, וואָרום צי דען איז זי שוין נישט צוגעקומען האָרט צו זיין געביט? קיין ספק נישט, דער דאָזיקער בוים איז זיין אייגנטום, און די אויסטערלישע האָלץ-מעבל אונטערן שאָטן געהערן צו זיין בינשטאָק.

לעבן איר האָט זיך דערהערט אַ זשומען, און אַ פליג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף איר בלאַט. זי איז אַ קורצע ווײַלע אַרומגעלאָפן איבער זיין גרינער אָדער-נעץ, כסדר מיט קליינע שטויסן, אַזוי אַז מ'האָט נישט געזען די באַוועגונגען פון אירע פיס און מ'האָט געקענט מיינען, אַז זי רוקט זיך אויפגערעגט און שנעל אַהין און צוריק. דאָס איז געווען אַ גרויס געפינ-

גערט בלאָט. די פליג איז געפלויגן פון איין טייל בלאַט צום צווייטן, אָבער אַזוי שנעל און פלוצלונג, אַז יעדער וואָלט גע-קענט מיינען, אַז זי פליט נישט, נאָר זי שפרינגט. אָבער ס'האָט זיך נאָר געדאַכט אַזוי. ווי ס'זעט אויס, איז איר געגאַנגען אין דעם—אויסצוגעפינען, אויף וועלכן טייל בלאַט איז צום בעסטן. פון צייט צו צייט פלעגט זי זיך אומגעריכט אַ הויב טאָן גאַנץ נידעריק אין דער לופט, פלעגט דערבײַ ברומען כמעט ליידנשאַפטלעך, ווי ס'וואָלט געשען עפּעס אומדערהערטעס, אָדער ווי זי וואָלט געטריבן געוואָרן פון דער וויכטיקסטער כוונה אויף דער וועלט, אָבער גלייך פלעגט זי זיך ווידער אַראָפּלאָזן און ווידער דורכמאַכן איר שפּרינגעבץ ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען. און דאָ ווידער בלייבט זי זיצן גאָר שטיל, ווי זי וואָלט פלוצלונג פאַרגליווערט געוואָרן.

מאַיאַ האָט זיך צוגעקוקט, וואָס די פליג האָט געטאָן אין זונען-שיין. צום סוף האָט זי זיך דערנעענטערט צו איר און העפלעך געזאָגט:

„אַ גוטמאָרגן אייך, כ'באַגריס אייער קומען אויף מיין בלאַט; אויף וויפל איך ווייס, זענט איר אַ פליג".

„וואָס איז דען?" האָט געפרעגט די קליינע, „איך הייס פוק, איך בין זייער באַשעפטיקט. ווילט איר מיך פאַרטרייבן"?

„אַדרבה, עס פרייט מיר זייער צו באַקענען זיך מיט אייך", האָט מאַיאַ געענטפערט.

„כ'מיין אַזוי", האָט פוק קורץ אָפּגעענטפערט און געמאַכט אַ פּרווו זיך אָפּצורייסן דעם קאָפּ.

„ווי נאָס איז אייך ליב", האָט מאַיאַ אויסגערופן, „האָט רחמנות אויף זיך"!

„דאָס מוז מען אַזוי, איר פאַרשטייט זיך נישט אויף דעם", האָט פוק געלאַסן געענטפערט, און דורכגעפירט מיט די פיס איבער זיינע פליגלען, אַזוי אַז זיי האָבן זיך פאַרבויגן הינטן אַרום דעם קערפּער. „אגב, איך בין אַ שטוב-פליג", האָט זי צוגעגעבן מיט שטאָלץ, „כ'בין דאָ נאָר אַרויסגעקומען כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט".

„אַך, ווי אינטערעסאַנט", האָט די קליינע מאַיאַ אויסגע-
רופן אַ גליקלעכע, „אויב אַזוי, קענט איר דאָך זיכער דעם
מענטשן!"

„כ'קען אים ווי מיינע פינף פינגער", האָט פוק אַ זאָג געטאָן
מיט גרינגשעציגונג, „כ'זיץ אויף אים טאָג-טעגלעך. אָבער צו דען
ווייסט איר דאָס נישט? איר, בינען, זענט דאָך אַזוי קלוג, יאַ-
דנפאַלס האַלט איר זיך פאַר אַזעלכע".

„איך הייס מאַיאַ", האָט די קליינע בין אָפּגעענטפערט
אַביסל נישט-דרייסט. זי האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פון וואַ-
נעט נעמט זיך צו די אַנדערע אינזעקטן זייער זעלבסטבאַ-
וווסטזיין, זייער זיכערקייט און אָפט אפילו חוצפה.

„ס'איז שוין אין אָרדנונג", האָט פוק אָפּגעשלאָגן, „הייסט
זיך ווי איר ווילט, נאָריש זענט איר יעדנפאַלס".

פוק איז געזעסן ווי אַ האַרמאַט, וועלכער איז גרייט
אַרויסצושיסן אַ קויל, דער קאָפּ און די ברוסט האָבן אַרויס-
געשטאַרצט אין דער הויך און דער הינטערשטער שפּיץ קער-
פער האָט באַריירט דאָס בלאַט. פּלוצלונג האָט זי זיך צוזאַמענ-
געשרומפּן אַזוי, אַז ס'האָט אויסגעזען, דאָס זי האָט נישט קיין
פיס.

„מ'דאַרף זיין פאָרזיכטיק", האָט זי געזאָגט, „אין דעם
איז די גאַנצע קונץ".

אָבער נאָך דער באַליידיקונג, וועלכע פוק האָט אַרויס-
געזאָגט, איז די קליינע מאַיאַ פול געוואָרן מיט צאָרן. זי האָט
איינגעזען נישט געוווסט געגוי, וואָס ס'האָט זי אַ שטויס גע-
טאָן, אָבער ווי אַ בליץ האָט זי זיך אַ טראָג געטאָן צו פוקן,
אים אָנגעכאַפּט ביים קאָלנער און נישט אָפּגעלאָזן.

„כ'וועל אייך אויסלערנען צו זיין העפלעך לגבי אַ בין",
האָט זי אויסגערופן.

פוק האָט אָנגעהויבן אַ מוראדיקן געוואַלד.

„שטעכט זיך נישט", האָט ער געשריגן, „דאָס איז דאָס
איינציקע, וואָס איר קענט, אָבער דאָס איז געפערלעך. כ'בעט
אייך, נעמט אַוועק וואָס ווייטער אייער הינטערלייב, דאָרט איז

דאָך דאָס גיפטל. און לאָזט מיך אָפּ אויב ס'איז אייך נישט צו שווער, כ'וועל אַלץ טאָן, וואָס איר ווילט נאָר. פאַרשטייט איר דען נישט קיין שפּאַס?! יעדער איינער ווייסט דאָך, אַז איר, בינען, זענט צווישן די אינזעקטן די חשובסטע, די מעכטיקסטע און צאָרנדיקסטע. ווייט אַזוי גוט, נאָר נישט טויטן, — דאָס לאָזט זיך שוין דערנאָך נישט פאַרריכטן. רבונו של עולם, קיי-נער פאַרשטייט זיך נישט אויף מיין הומאָר".

„גוט", האָט מאַיאַ געזאָגט מיט אַ ביסל פאַראַכטונג אין האַרצן, „כ'וועל אייך לאָזן לעבן, אָבער איר מוזט מיר דער-פאַר דערציילן וועגן מענטשן אַלץ, וואָס איר ווייסט".

„גוט", האָט פוק אויסגערופן, „כ'האָב עס סיי ווי בדעה געהאַט צו טאָן, אָבער איצט לאָזט מיך פריי".

מאַיאַ האָט אים צוליב געטאָן. זי איז פּלוצלונג געוואָרן גלייכגילטיק געשטימט, זי האָט פאַרלוירן די אַכטונג און דעם צוטרוי צו דער פליג. זי האָט זיך געטראַכט, אַז די דערפאַ-רונגען פון אַזעלכע פאַרשוינען מוזן האָבן אַ גאַנץ קנאַפּן ווערט פאַר ערנסטע לייט. זי איז געקומען צום באַשלוס, אַז זי וועט מוזן אַליין זען, וואָס אַזוינס איז דער מענטש.

אָבער די קליינע פליג פוק איז געוואָרן אַ סך דערטרעג-לעכער, נאָכדעם ווי מ'האָט מיט איר אָן שפּאַס אַריינגעקנעלט. קודם כל האָט זי ושומענדיק און שילטנדיק געבראַכט אין אָרד-נונג אירע טאַפּערס, פליגלען און הערעלעך פון איר שוואַרצן קערפּער. אַלץ איז געווען אין גרעסטער אומאָרדנונג, ווייל די קליינע מאַיאַ האָט זי גוט אויפגעטרייסלט. צולעצט האָט פוק אַרויסגעלאָזט און אַרייגעצויגן זיין שנאָבעלע, אַ זאַך, וואָס מאַ-יאַ האָט דאָס נאָך קיינמאָל נישט געזען.

„אויסגעלונקען! דאָס שנאָבעלע איז אויסגעלונקען", האָט די פליג אַ זאָג געטאָן מיט ווייטאָק, „און אין אַלץ איז שול-דיק אייער העפטיקער כאַראַקטער. גיט נאָר אַליין אַ קוק, די זויג-פלאַך זעט אויס ווי אַן אויסגעבויגענער בלעכענער טעלער!"

„האָט איר אַ זויג-פלאַך?" האָט מאַיאַ געפרעגט.

„אַ שיינע מעשה, נאָך אַ מין! נו, וואָס ווילט איר וויסן וועגן מענטשן? דער ווייטאָק אין שנאָבעלע וועט שוין פאַרגיין. צום בעסטן, האַלט איך, איז צו דערציילן אייך וועגן מיין לעבן. אַזוי ווי איך האָב זיך אויסגעצויגן צווישן מענטשן, וועט איר שוין קענען אַרויסגעפינען, וואָס אייך אינטערעסירט".

„איר האָט זיך אויסגעצויגן צווישן מענטשן?"

„פאַרשטייט זיך. ביי זיי אין אַ שטוב-ווינקל האָט מיין מוטער געלייגט דאָס איי, פון וועלכן כ'בין אַרויסגעקראָכן, אויף זייערע גאַרדינען האָב איך זיך געלערנט שטעלן די ערשטע טריט, און אויפן שטח פון שילער ביי נעטע האָב איך צום ערשטנמאָל אויסגעפרוווט די קראַפט פון מיינע פליגלען".

מאַיאַ האָט געפרעגט, וואָס דאָס זענען אַזוינס שילער און נעטע, און פוק האָט עס איר דערקלערט מיט גאווה. דאָס זע-נען די סטאַטועס פון צוויי מענטשן, וועלכע האָבן זיך, וואַר-שיינלעך, באַזונדערס שטאַרק אויסגעצייכנט מיט עפעס. זיי שטיי-ען אונטערן שפיגל, רעכטס און לינקס, און קיינער לייגט קיין אַכט נישט אויף זיי.

איצט האָט מאַיאַ געוואָלט וויסן, וואָס אַזוינס איז אַ שפיגל און פאַרוואָס שטייען אונטער אים דיזאָזיקע ביידע סטאַטועס.

„אין שפיגל זעט מען דעם אייגענעם בויך, ווען מען קריכט איבער אים", האָט פוק דערקלערט. „ס'איז אַן אינטע-רעסאַנטע שפּיל. ווען די מענטשן שטעלן זיך אַוועק פאַר אים, פירן זיי דורך די האַנט דורך די האָר, אָדער זיי צופן זיך ביים באָרד. ווען זיי זענען אַליין, שמייכלען זיי אַריין אין אים, אָבער ווען נאָך עמיצער איז דאָ אין צימער, שטעלן זיי אָן ערנסטע פּנימער. דעם צוועק זייגעם ווייס איך נישט, כ'האָב עס קיינמאָל נישט געקענט דערגיין, עס מוז אָבער זיין אַן אומנויסיקע שפּילעריי ביים מענטשן. איך אַליין האָב שטאַרק געליטן פון אים אין מיינע ערשטע לעבנסטעג, ווייל כ'פלעג אַריינפליען אין אים און, פאַרשטייט זיך, — מיט דער גאַנצער קראַפט אָפּגעשליידערט ווערן צוריק".

דעם קלײנעם פּוק איז זײער שװער געװען צו ענטפערן

אויף מאַיאַס װײטערדיקע פּראַגעס װעגן שפּיגל. „זעט איר",

האָט ער ענדלעך געזאָגט, „איר זענט דאָך זיכער שױן אַמאָל

געפלױגן איבער אַ בלאַנקער װאַסערפלאַך? עפּעס ענלעכעס

איז אַ שפּיגל, מער נישט, ער שטײט און עס איז האַרט".

װען די קלײנע פליג האָט געזען, אַז מאַיאַ הערט אויפ־

מערקזאַם אויס אירע דערפאַרונגען, איז זי געװאָרן אַ סך פרײנט־

לעכער. און כאָטש מאַיאַ האָט נישט אַלץ געגלויבט, װאָס זי

האָט געהערט פון דער פליג, האָט זי פונדעסטװעגן חרטה גע־

קראָגן פאַרװאָס זי האָט איר אַזױ גרינגגעשעצט. אַ סך באַשע־

פעניש זענען אָפּט קליגער, װי אונז דאַכט זיך אױפן ערשטן

קוק, האָט זי אַ טראַכט געטון.

און פוק האָט װײטער דערצײלט:

„ס'האָט לאַנג געדױערט, ביז כ'האָב זיך אויסגעלערנט

צו פאַרשטײן די שפּראַך פון די מענטשן. ס'איז זי זײער שװער

אױסצולערנען, װען מ'איז נישט קײן גוטער ברידער מיטן

מענטשן. איצט פאַרשטײ איך שױן גוט, װאָס זײ װילן. ס'איז

נישט גאָר קײן סך, געװײנלעך זאָגן זײ יעדן טאָג דאָסזעלבע".

„דאָס איז דאָך אָבער שװער צו גלױבן", האָט מאַיאַ גע־

זאָגט. „די מענטשן אינטערעסירן זיך דאָך מיט אַזױ פיל זאַכן,

זײ זענען רײך אין געדאַנקען און גרױס אין מעשים. כ'האָב

געהערט פון קאַססאַנדראַ, אַז זײ בױען שטעט פון אַזאַ גרױס,

אַז פאַר אײן טאָג קען מען זײ נישט אויספליען, טורעמס,

װאָס זענען אַזױ הױך װי דער תחונה־פלי פון אונזער מלכה,

הײזער, װאָס שװימען אויפן װאַסער, און אַנדערע װידער, װאָס

טראָגן זיך איבערן לאַנד שנעלער װי אַ פױגל, אויף צװײ

שמאָלע זילבערנע װעגלעך".

„געװעג"! האָט פוק ענערגיש געזאָגט, „װער איז עס

אַזױנס די קאַססאַנדראַ? װער איז זי, אױב ס'איז דערלױבט

צו פרעגן? נו"?

„דאָס איז געװען מײן דערציערין", האָט מאַיאַ אָפּגע־

ענטפערט.

„אַ דעריציערין", האָט פוק איבערגעחזרט מיט גרינגשע־צונג, „אויב אַזוי, אַ בין, מסתמא. וואָרום קיין אַנדערער איז נישט מסוגל אַזוי הויך אָפּצושאַצן דעם מענטשן. דידאָזיקע פריילן קאַססאַנדראַ, אָדער ווי מען רופט איר דאָרטן, האָט נישט קיין געשיכטלעכע בילדונג. די איינריכטונגען פון מענטשן וועגן וועלכע איר האָט אָקאָרשט געריידט, האָבן אַלע פּאַר אונז דעם מינדסטן ווערט נישט. קיינער וועט נישט אויפנעמען די וועלט אַזוי אומפּראַקטיש, ווי איר טוט עס. די ערד ווערט באַהערשט דורך פליגן, די פליגן זענען דאָס פּאַרשפּרייטסטע און וויכטיקסטע פאָלק, — אָט וואָס איר דוזט באַנעמען, אַנדערש וועט איר קוים ווי געהעריק דערקענען די וועלט".

פוק האָט געמאַכט אַ פּאָר איינגערעכטע זיגזאַג־באַוועגונגען אויפן בלאָט און זיך אַ ריס געטאָן ביים קאָפּ אַזוי, אַז מאַיאַ האָט זיך דערשראָקן פאַר אים. אָבער די קליינע בין האָט שוין געהאַט צייט צו באַמערקן, אַז קיין צו קליגע זאַכן וועט זי פון דער פליג זיך נישט דערוויסן.

„איר ווייסט, ווי אַזוי איר קענט וויסן צי איך בין גערעכט"? האָט פוק אַ פרעג געטאָן און זיך גענומען רייבן די הענט, ווי זי וואָלט זיי געוואָלט צוזאַמענקניפּלען, „ציילט אייבער אין אַ שטוב די מענטשן און די פליגן: דער רעזולטאַט וועט אייך איבערראַשן".

„ס'קען זיין, אַז איר זענט גערעכט", האָט מאַיאַ געזאָגט, „אָבער נישט אין דעם גייט עס".

„איר מיינט אפשר, אַז כ'בין אַ פליג פון היי־יאָר? האָט פוק פלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

„כווייס נישט", האָט מאַיאַ אָפּגעענטפערט.

„כ'האָב שוין איבערגעווינטערט", האָט פוק שטאָלץ מודיע געווען, „מיין דערפאַרונג גרייכט ביז צו דער אייז־צייט. כ'האָב זי אין אַ געוויסער מאָס איבערגעלעבט. דעריבער טאַקע וויל איך דאָ איצט אַ ביסל, כדי צו קומען צו די כחות".

„כוס פעלט אייך נישט, דאָס איז אמת", האָט מאַיאַ געזאָגט.

„אַ געוויס", האָט פוק אויסגערופן און האָט געמאַכט אַ קליינעם לופט-שפרונג אין זוניגנליכט. „די פליגן זענען דאָס דרייסטסטע פאָלק, וואָס באַוווינען די ערד. איר ווערט אומעט-טום זען, אַז מיר אַנטלויפן תמיד נאָר דאַן, ווען דאָס איז בע-סער, אָבער מיר קומען תמיד צוריק. זענט איר שוין אַמאָל געזעסן אויף אַ מענטשן ?"

מאַיאַ האָט זיך מודה געווען, אַז ניין און מיט אַ ווייס געמאַכט אַ קוק מיט אומצוטרוי אויף דער פליג. זי האָט נאָך אַלץ נישט געקענט באַשליסן, וואָסער מיינונג זי זאָל האָבן וועגן איר.

„ניין", האָט זי געזאָגט, „דאָס אינטערעסירט מיר נישט".

„ווייל איר קענט עס נישט, מיין ליבע! ווען איר וואָלט זיך כאָטש איינמאָל צוגעקוקט צו דער מונטערער שפיל וועלכע איך שפיל אין שטוב מיטן מענטשן, וואָלט איר געפּלאַצט פון קנאה. פונדעסט-וועגן וועל איך אייך דערציילן. אין מיין צימער וווינט אַן עלטערער מענטש, וועלכער האָלט אונטער די פאַרבן פון זיין באַז דורך אַן איינגאַרטיקן געטראַנק, וואָס שטייט פאַרבאָרגן אין אַ ווינקל-שראַנק. דאָס שמעקט פאַרשכּורנדיק און זיס; ווען ער בייט עס צו נעמען, שמייכלט ער און די אויגן ווערן אים קליין. ער גיסט זיך אָן אַ גלעזעלע און אַז ער טרינקט קוקט ער צו דער סטעליע, צי כ'בין שוין דאָ. איך ווינק צו אים און ער פירט דורך די האַנט איבערן שטערן, נאָז און מויל, כּדי מיר אָנצווייזן, ווו כ'זאָל זיך שפּעטער אַוועקזעצן. דאַן גיט ער אַ פינטל מיט די אויגן, צעעפנט דאָס מויל, ווי ברייט ער קען נאָר, און פאַרצים אויפן פענסטער די פאָרהאַנגען, כּדי די מיסאָקוזן זאָל אונז נישט שטערן. ענדלעך לייגט ער זיך צו אויף אַ דיוואַנעט, וועלכע ווערט אָנגערופן קאַנאַפּע, און אין אַ ווײַלע אַרום הויבט ער אָן אַרויסצוגעבן פאַרשטיקטע, קרעכצנדיקע קלאַנגען, וואָס ער האַלט זיי זיכער פאַר גאָר שיינע. וועגן דעם וועלן מיר ריידן אַן אַנדערשמאָל, דאָס איז דעם מענטשנס שלאָף-געזאַנג. פאַר מיר איז עס אַ צייכן זיך צו דערנענטערן. קודם כּל נעם איך מיר פון גלאָז מיין טייל, וועלכן ער האָט

איבערגעלאָזן פאַר מיר. אַזאַ טראָפּן האָט עפּעס אויסערגעוויינ־לעך אויפמונטערנדיקס, — איך פאַרשטיי דעם מענטשן גאַנץ גוט. דאַן פלי איך צו און פאַרנעם מיין אָרט אויפן שטערן פונם רועגדיקן. דאָס אָרט ליגט צווישן דער נאָז און די האָר און ווערט באַנוצט צום דענקען. דאָס לאָזט זיך דערקענען לויט די לאַנגע פאַלדן, וועלכע ציען זיך פון רעכטס אויף לינקס, און וועלכע מוזן באַוועגט ווערן ביים דענקען, אויב מ׳וויל, אַז ס׳זאָל עפּעס אַרויסקומען דערביי. אויך ווען דער מענטש איז שלעכט געשטימט, באַווייזן זיי זיך דאָרט, אָבער דאַן לויפן די קנייטשן פון אויבן נאָך אונטן און איבער דער נאָז בילדעט זיך אַ גערונצלטע העכערונג.

ווי נאָר כ׳זעץ מיך אַוועק און הויב אָן אַרומצולויפן אי־בער די קנייטשן הין און צוריק, הויבט דער מענטש אָן צו וואַרפן מיט דער האַנט אין דער לופטן. ער מיינט, אַז כ׳גע־פין זיך דאָרט ערגיץ־ווו. צוליב דעם, וואָס כ׳זיץ אויף זיינע דענק־קנייטשן, קען ער זיך אַזוי שנעל נישט כאַפּן, ווו איך בין. אָבער ענדלעך דערגייט ער מיין אָרט. ער ברומט און וויל מיך כאַפּן. דאָ, זעט איר, פריילן מאַיאַ, אָדער ווי איר רופט זיך דאָרט, דאָ מוז מען זיין פאָרזיכטיק. איך זע ווי די האַנט דערנענטערט זיך, אָבער איך וואַרט ביז דער לעצטער רגע און דאַן טו איך געשיקט אַ פלי אין אַ זייט, זעץ זיך אַנידער און קוק זיך צו, ווי ער טאַפּט זיך צי כ׳בין נאָך דאָ. אַזוי שפּיל איך זיך מיט אים אָפט אַ האַלבע שעה נאָכאַנאַנד; איר האָט קיין באַגריף נישט סאַראַ עקשנות דער מענטש באַ־זיצט. ענדלעך שפּרינגט ער אויף און לאָזט פאַלן אַזעלכע ווער־טער, וואָס זאָגן עדות אויף זיין אומדאַנקבאַרקייט. אָבער וואָס מיינט איר? אַן איידל האַרץ טראַכט נישט וועגן קיין דאַנק. איך זעץ מיר שוין ווידער אויבן אויף דער סטעלע און הער צו, ווי ער איז אומדאַנקבאַר״.

„מ׳קען נישט זאָגן, אַז דאָס זאָל מיר איבעריק געפעלן ווערן״, האָט מאַיאַ אַריינגעוואָרפן. „וואָס פאַר אַ צוועק האָט דאָס?

„וואָס דען, זאָל איך אפשר אויסבויען אויף דיין נאָז א סאָסע״? האָט פּוק אויסגעשריגן. „איר האָט נישט קיין הומאָר, מיין ליבע. וואָס פאַר אַ נוצלעכע זאַכן טוט איר דאָס״?

די קליינע מאַיאַ איז אינגאַנצן רויט געוואָרן ווי צונ-טער. זי האָט זיך אָבער גלייך באַהערשט, כדי פּוק זאָל נישט באַמערקן איר פאַרלעגנהייט.

„ס'וועט נאָך קומען אַ טאָג״, האָט זי שנעל געזאָגט, „ווען כ'וועל טאָן עפּעס שיינס און גרויס, וואָס איז גוט און נוצלעך, אָבער צוערשט וויל איך זען, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך. מיין האַרץ זאָגט מיר אויף זיכער, אַז ס'וועט אַזוי זיין״!

די קליינע מאַיאַ האָט דאָס גערעדט און זי האָט גע-פילט, ווי ס'האָט זיך צעגאָסן אין איר אַ הייסע כוואַליע האָפ-נונג און באַגייסטערונג, אָבער פּוק האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, ווי ערנסט זי האָט דאָס געמיינט און וואָס ס'האָט זי אינערלעך באַגייסטערט. ער האָט געמאַכט זיינע אויפגע-רעגטע באַוועגונגען אַהין און צוריק און ענדלעך געזאָגט:

„אפשר האָט איר ביי זיך אַ ביסל האָניק, מיין ליבע״?

„מיר פאַרדריסט עס זייער״, האָט מאַיאַ געענטפערט, „כ'וואָלט אייך גערן עפּעס געגעבן, בפרט אַז איר האָט מיט מיר אַזוי פריינטלעך פאַרבראַכט, אָבער כ'האָב גאָרנישט. אפשר וועט איר מיר דערלויבן צו שטעלן נאָך איין פראַגע״?

„אָבער שנעל״, האָט פּוק געזאָגט, „כ'בין תמיד גרייט צו ענטפערן״.

„כ'וויל, איר זאָלט מיר זאָגן, ווי אַזוי קען איך זיך אַריינ-קריגן אין מענטשנס וווינונג״.

„איר מוזט אַריינפליען״, האָט פּוק געענטפערט ווי אַ חכם.

„אָבער ווי אַזוי זאָל איך עס דורכפירן אָן סכנה פאַר זיך״?

„וואַרט אויף, ביז מ'וועט עפענען איינעם פון די פענס-טער, אָבער נעמט גוט אַריין אין זינען ווו איז דער אַרויס-גאַנג, אויב איר וועט אים שפּעטער נישט קענען אויפזוכן,

איז צום בעסטן פליען נאָכן ליכט נאָך. פענסטער איז דאָ גע-נוג אין יעדן הויז, איר דאַרפט זיך נאָר גוט צוקוקן, ווו עס שפּיגלט זיך די זון. וואָס, איר ווילט שוין אַוועקפליען"?

„יאָ", האָט מאַיאַ געענטפערט און דערלאַנגט פוקן די האַנט. „זייט געזונט און קומט שנעל צו די כחות. כ'האָב נאָך אַ סך, וואָס צו דערליידיקן".

מיט איר אייגנטימלעכן שטילן זשומען, וואָס האָט תמיד געקלונגען אַביסל פאַרזאָרגט, האָט די קליינע מאַיאַ אויפגע-הויבן אירע גלאַנצנדיקע פליגלען און אַרויסגעפלויגן אין זונען-שיין אויף בלומען-לאַנקעס, זיך אונטערצולעבן אַביסל ס'האַרץ.

פוק האָט איר נאָכגעקוקט, זיך גוט איבערלייגט, וואָס ס'האָט זיך נאָך געלאָזט באַמערקן, און דאַן פאַרקלערטערהייט געזאָגט:

„גג, קיים אַכאָל! — פאַרוואָס דען ניטש"!

## דאָס זיבעטע קאַפּיטל

# אין געפֿאַנגענשאַפֿט בײַ דער שפּין

נאָך איר באַגעגעניש מיט דער פֿליג פֿוק איז די קלײנע מאַיאַ נישט איבעריק גוט געשטימט געווען. זי האָט זיך נישט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז פֿוק זאָל זײַן גערעכט אין אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן מענטשן און אין זײַן מײנונג וועגן אים. מאַיאַ האָט זיך גאַנץ אַנדערש פֿאָרגעשטעלט דעם מענטשן. זי האָט זיך געשאַפֿן וועגן אים אַ דערהויבן און שײן בילד און זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו דאָס לעכערלעכע, וואָס זי האָט געהערט וועגן אים. פֿונדעסטוועגן האָט זי זיך אָבער נישט דערוועגט אַרײַנצודרינגען אין דעם מענטשנס שטוב. פֿונוואַנעט האָט זי געקענט וויסן, צי דאָס איז אים אָנגענעם? און פֿאַלן עמיצן צו לאַסט האָט זי פֿאַר קײן פֿאַל נישט געוואָלט. זי האָט נאָכאַמאָל דורכגעטראַכט אַלץ, וואָס קאַסאַנדראַ האָט איר אַמאָל דערצײלט:

„די מענטשן זענען גוט און קלוג”, האָט זי איר געזאָגט. „זײ זענען זײער שטאַרק און מעכטיק, אָבער זײ נוצן נישט אויס צום שלעכטן זײערע כחות, נאָר פֿאַרקערט, — אומעטום ווו זײ קומען שאַפֿן זײ אָרדנונג און וווילשטאַנד. צום פֿאָלק פֿון די בינען זענען זײ לײַטזעליק, דעריבער גיבן מיר זיך איבער מיט צוטרוי זײער שוץ און טײלן מיט זײ אונזער האָניק. זײ לאָזן אונדז איבער גענוג אויף ווינטער און זאָרגן דערפֿאַר, אַז דער פֿראָסט און די גרויסע צאָל פֿײַנט, וועלכע

מיר האָבן צווישן די חיות, זאָלן אונז נישט שטערן, אָדער גאָר פאַרניכטן. אויף דער וועלט זענען דאָ גאַנץ ווייניק פרייע בעלי-חיים, וועלכע שטייען מיטן מענטשן אין אַזעלכע באַציונ-גען פון פריינטשאַפט און פרייוויליקער אונטערטעניקייט. צווישן די אינזעקטן וועסטו גאַנץ אָפט הערן מיינונגען, וואָס שרייבן צו דעם מענטשן אַלדאָס בייז. הער זיי אָבער נישט. ווען אַ פאַרפירט בינען-פאָלק פליט אַמאָל אַוועק אין אַ ווילדע און פרוווט דאָס מזל אָן דער הילף פון מענטשן, גייט עס שנעל אונטער. צופיל ברואים האָבן אַ גלוסטונג נאָך אונזער האָניק, און גאַנץ אָפט ווערט שענדלעך פאַרטיליקט אַ גאַנצע מלוכה מיט אירע בנינים און איינוווינער נאָר דערפאַר, ווייל אַ נאַ-רישע חיה וויל שטילן איר גלוסטונג צו אונזער האָניק". אַזוי האָט איר דערמאָנט קאַסאַנדראַ דערציילט, און כל-זמן מאַיאַ האָט זיך אַליין נישט איבערצייגט און דאָס קעגנזעצלעכע, האָט זי געוואָלט גלויבן אין דער ריכטיקייט פון דידאָזיקע ווערטער.

געקומען די נאָכמיטאָג-צייט. די זון האָט זיך געפונען הינטער די "ייבסבוימער פון אַ גרויסן גאָרטן, וועלכן מאַיאַ איז דורכגעפלויגן. די בוימער האָבן שוין פון לאַנג אָפגעבליט, אָבער ביי דער קליינער בין איז נאָך פריש געווען אין זכרון דאָס בילד, ווי זי האָט זיי אַלע געזען אין לויכטנדיקן גלאַנץ פון אומצאָליקע בליטן, וואָס האָבן זיך געהויבן אין בלאָען הימל אַריין העלער ווי דאָס ליכט און וווּנדערבאַר ריין, ליב-לעך. דער זיסער בשמים-ריח און דער העלער גלאַנץ האָבן זי פאַרשכורט מיט אַזאַ גליקזעליקייט, וועלכע זי האָט קיינמאָל אין איר לעבן נישט געוואָלט פאַרגעסן.

פליענדיק איצט האָט זי געטראַכט וועגן דעם, אַז דאָס אַלץ וועט זיך אומקערן, און איר האַרץ האָט אָנגעקוואָלן פון גליק צוליב דער פראַכט פון דער גרויסער ערד, אויף וועלכער איר איז באַשערט צו לעבן.

ביים סוף גאָרטן האָבן שימערירט די ווייסע שטערנאָר-טיקע זשאַסמין-בוקעטן מיט זייערע צאַרטע געלע פנימלעך אינ-מיטן שטראַלנדיקן גלאַנץ פון ריינסטער ווייסקייט. דער מיל-

דער ווינט האָט דערטראָגן צו איר דעם זיסן אַראָמאַט. זענען דען נישטאָ אויך לינדנבוימער, וואָס געפינען זיך אין דער דאָזיקער צייט אין רעכטן מיטן בליִען? און מאַיאַ האָט אַ גליקלעכע געטראַכט ווען די גרויסע ערנסטע לינדנבוימער, וואָס אין זייערע קרוינען האַלט זיך אויף דאָס רויטלעכע גליִען פון דער אָוונטזון ביזן סאַמע סוף.

זי איז געפלויגן צווישן יעזשינע-קוסטעס, וואָס האָבן שוין געטראָגן אויף זיך גרינע יאַגדעס, אָבער אויך בליטן האָבן זיי נאָך געהאַט. ווען זי האָט ווידער געוואָלט אַרויספליען אינדערהויך, כדי צוצוקוקן זיך צום זשאַסמין, האָט פלוצלונג עפּעס פרעמדס באַדעקט איר שטערן און אירע אַקסלען, און אויך אירע פליגלען האָט עס שנעל אַרומגעוויקלט, אַזוי אַז זי איז ווי געליימט געוואָרן. ביים אויסטערלישן ווונדער פון דערדאָ-זיקער פרעמדער דערשיינונג האָט מאַיאַ געהאַט דאָס געפיל, ווי זי וואָלט פלוצלונג אויפגעהאַלטן געוואָרן אין איר פליען און ווי זי וואָלט געפאַלן אָן כוחות, פונקט עפּעס אַ פאַרבאָר-גענע, בייזע קראַפט האָט געהאַלטן אין געפאַנגענשאַפט אירע טאַפּערס, אירע פיסלעך און אירע פליגלען. זי איז אָבער נישט געפאַלן. נישט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט מער נישט גע-קענט באַוועגן מיט אירע פליגלען, האָט זי דאָך געשוועבט, עפּעס האָט איר געהאַלטן ווונדערבאַר ווייך און צאַרט און נאָכגיביק, עס האָט איר געהויבן אַ ביסל און ווידער אַראָפּגעוואָרפן, באַוועגט אַהין און אַהער, ווי אַ מילדער ווינט וואָלט געשפּילט מיט אַ לייכט בלאַט.

די קליינע מאַיאַ האָט אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון אַנגסט, אָבער שטאַרק מורא האָבן האָט זי נאָך נישט געקענט, ווייל זי האָט נישט געשפּירט נישט קיין ווייטאָק און נישט קיין באַזונדערע אומאַנגענעמקייט. ס'איז בלויז געווען אויסטערליש, זייער אויסטערליש, און הינטער דעם האָט געלויערט עפּעס בייזעס. זי האָט פונדעסטוועגן שוין געוואָלט זיין בעסער ווייט פון דאַנען. אַז זי וועט זיך גוט אָנשטרענגען, וועט עס איר אָן ספק געלינגען.

פלוצלונג האָט זי דערזען, אַז אין דער ברייט איבער איר גרויסע ציט זיך אַן אומענדלעכער פיינער זילבערנער פאָדים, און ווען זי האָט אים אין טויט-שרעק שנעל אָנגעכאַפּט, איז ער געבליבן הענגען אויף איר האַנט, זיך שטאַרק צוגעקלעפּט און זיך שוין נישט געלאָזט אָפּרייסן. און אַ צווייטער זילבער-נער פאָדים האָט זיך געצויגן איבער איר אַקסל, פאַרכאַפּט אירע פליגלען און זיי צוגעבונדן איינעם צום צווייטן, אַזוי אַז זי האָט זיי מער נישט געקענט אויפהייבן. דאָ און דאָרט,— אומעטום אין דער לופט און איבער איר קערפּער האָבן זיך געצויגן דידאָזיקע העלע, שימערירנדיקע, קלעפּיקע פעדים.

די קליינע מאַיאַ האָט פאַר גרויס שרעק אַרויסגעלאָזן אַ ביטער-דיקן געשריי, ווייל איצט האָט זי באַגריפן, וואָס מיט איר איז געשען און ווו זי געפינט זיך. זי איז אַריינגעפאַלן אין נעץ פון דער שפּין.

איר געוויין און אירע הילף-רופן האָבן הויך געקלונגען, פול מיט אַנגסט, אין דער שטילער, זומערדיקער סביבה, ווו די זו-נען-שיין האָט געגלאַנצט אויף גאָלדגרינע בלעטער, אינזעקטן זענען געפלויגן אַהין און אַהער און פייגל האָבן דורכגעשניטן די לופט. גאָר נאָענט, אין בלויער לופט, האָט געשמעקט מיט זשאַסמין. דאָרט אַהין האָט זי געוואָלט פליען און איצט איז געקומען איר לעצטע שעה.

אַ קליין בלאָלעך זומער-פייגעלע, מיט ברוינע שפּרענקע-לעך אויף די פליגלען, וואָס האָבן געגלאַנצט ווי קופּער, איז דורכגעפלויגן גאַנץ נאָענט פאַרביי מאַיאַן.

„אומגליקלעכע", האָט זי אויסגעשריגן, ווען זי האָט דער-הערט דער קליינער מאַיאַס יאָמערן און דערזען איר פאַרצווייי-פלטן צאַפּלען אין נעץ פון דער שפּין. „הלואי זאָל אייך דער טויט לייכט זיין, מיין ליבע. כ'קען אייך נישט העלפן. אויך מיר וועט עס טרעפן אַמאָל, אפשר היינטיקע נאַכט נאָך, אָבער דערווייל געניס איך נאָך פון לעבן. זייט געגריסט, פאַרגעסט נישט די זון אין אייער טיפן טויט-שלאָף".

און דאָס פּלאַסטערל האָט זיך ווייטער אוועקגעווינט, באַדוישט פון בליצן, פון זון און לעבנסגליק.

ביי דער קליינער מאַיאַ האָבן זיך אַ גאָס-געטאָן טרערן פון די אויגן און זי האָט פאַרלוירן דאָס לעצט ביסל רויקייט און זעלבסטבאַהערשונג. מיט אירע געבונדענע פליגלען און פיס-לעך האָט זי געשטויסן אין אַלע זייטן, זי האָט געשריגן און געזשומעט מיט אַלע כחות און גערופן נאָך הילף — נישט ווי-סנדיק וועמען. און דורכדעם האָט זי זיך אַלץ פעסטער אין פעסטער פאַרפּלאָנטערט אין נעץ. און איצט, אין איר גרויסער נויט, זענען איר געקומען אין זכרון קאַססאַנדראַס וואָרענישן: „היט זיך פאַר דער נעץ פון שפּין, אין איר כאַפּט קומט אונז אויס דורכצולײדן דעם אכזריותדיקסטן טויט. זי ווייסט נישט פון קיין רחמנות און זי איז כיטרע און לאָזט שוין קיינעם נישט אַרויס פריי פון אירע הענט".

איר טויט-שרעק איז אויסגעוואַקסן צו פאַרצווייפלונג, מיט אירע לעצטע כחות האָט זי געמאַכט געוואַלדיקע אָנשטרענגונ-גען, אָבער נישט געקוקט אויף איר געפיל, אַז ערגעץ-ווו האָט זיך איבערגעריסן איינער פון די לאַנגע, שטאַרקע הענג-שטריק, אויף וועלכע די נעץ איז געהאָנגען, האָט זי דאָך געשפּירט די שרעקלעכע קראַפט פון דער שפּינען-נעץ, וואָס ווירקט אַלץ גע-פערלעכער, וואָס מער מען באַוועגט זיך אין איר.

ווען זי איז אַ מינוט געבליבן רויק זיצן צוליב גרויס אָפּגעשוואַכטקייט, האָט זי דערזען אונטער אַ גרויסן בלאַט, גאַנץ נאָנט פון זיך, די שפּין. דערזען ווי די גרויסע פאַרזעניש זיצט ערנסט און שטיל אונטער דעם בלאַט, איינגעקנורעט ווי פאַר אַ שפּרונג, האָט איר אָנגעכאַפּט אַן אומבאַשרייבלעכע שרעק. מיט גרויסע פינקלענדיקע אויגן האָט די שפּין אָנגעקוקט די קליינע מאַיאַ — מיט רשעותדיקער געדולד און גרויזאַמער קאַלטבלוטיקייט.

מאַיאַ האָט אַרויסגעלאָזן אַ הויכן געשריי. איר האָט זיך געדוכט, אַז קיינמאָל נאָך איז איר געשריי נישט פול געווען מיט אַזוי פיל שרעק. דער טויט אַליין האָט שוין ערגער

נישט געקאָנט אויסזען, ווי דידאָזיקע ברוינע, האָריקע פאַרזעעניש מיט אירע בייזע ציין און די הויך אויפגעשטעלטע פיס, אין וועלכע דער מיאוסער קערפער איז געזעסן ווי אין אַ געשטעל. און אָט וועט זי באַלד צולויפן ווי אַ בליץ און — אַ סוף צו איר לעבן.

ביים דאָזיקן לעצטן געדאַנק האָט מאַיאַן אָנגעכאַפּט אַ מוראדיקער צאָרן, וואָס זי האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ נישט געשפירט. זי האָט אַרויסגעלאָזן איר קלאָרן, בייזן קאַמף־רוף, וועלכן אַלע חיות קענען און האָבן מורא פאַר אים, און זי האָט פאַרגעסן איר אַנגסט און איר נידעריקלאַנגקייט און בלויז איינס געהאַט אין זינען, וואָס טייערער צו פאַרקויפן איר לעבן.

„איר וועט פאַר אייער שלעכטקייט באַצאָלן מיט אייער לעבן", האָט זי אײַנגעריפן צו דער שפין. „אדרבה, קומט נאָר אַהער, כדי מיך צו טייטן, וועט איר זיך דערוויסן, וואָס אַ בין קען".

די שפין האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן. די לאַגע איז באמת געווען איבגעוויינלעך איבהדיק און אייך איף גרעסערע אינזעקטן, ווי מאַיאַ, וואָלט עס זיכער אָנגעריפן אַ פחד.

מיטן כח פון איר צאָרן האָט זי געמאַכט אַ לעצטע פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונג. קנאַק! איבער איר האָט זיך איבערגעריסן אַ לאַנגער פאָדים, וואָס האָט געהאַלטן די נעץ אין איין זייט. זי איז, אָן ספק, באַשטימט געווען פאַר קליינע מיקן אָדער פליגן, אָבער נישט פאַר אַזעלכע גרויסע אינזעקטן, ווי בינען. אָבער מאַיאַ האָט זיך פאַרפלאָנטערט אין נעץ נאָך ערגער ווי פריער.

פלוצלונג איז די שפין מיט איין רוק צוגעקומען נענטער, גאָר נאָענט צו דער קליינער מאַיאַ; זי איז געקראָכן מיט אירע באַוועגלעכע פיס איף איין איינציקן פאָדים, אָבער אַזוי, אַז איר קערפער איז אַראָפּגעהאָנגען.

„מיט וואָסער רעכט צעשטערט איר מיין נעץ?" האָט זי געזאָגט צו מאַיאַן מיט אַ קרעכצנדיקער שטים. „וואָס דאַרפט איר דאָ האָבן? צי דען איז אייך קליין די וועלט? פאַרוואָס

שטערט איר די רו פון אַ פרידלעכער איינזאַמער באַשטעטיקונג ד'
אויף דעם האָט זיך די קליינע מאַיאַ נישט געריכט.
באמנות, דאָס איז געווען אומדערוואַרט.
„דאָס איז נישט אומישנע", האָט זי אויסגעשריגן, און
געגומען ציטערן פאַר גליק און האָפנונג. ווי העסלעך די שפין
זאָל נישט זיין, האָט זי אָבער, אפנים, נישט געהאַט קיין שום
בייזע כוונות. „כ'האָב צום באַדויערן אייער נעץ נישט באַמערקט
און זיך פאַרפלאָנטערט אין איר. זייט מיר מוחל, כ'בעט אייך".
די שפין האָט זיך נאָך אַביסל דערנענטערט.
„איר זענט באמנות אַ גאַנץ קאָמישע קליינע פאַרשוין",
האָט זי געזאָגט און נאָכאַנאַנד אָפגעלאָזן אַביסל דאָ איין פוס,
דאָ די צווייטע. דער פאָדים האָט זיך געוויגט. ס'איז באמת
געווען מערקווירדיק, וואָס אַזאַ דינער פאָדים האָט אויסגע-
האַלטן די גרויסע שפין.
„אָך, העלפט מיר זיך אַרויספלאָנטערן", האָט זיך מאַיאַ
געבעטן, „כ'וועל אייך אָפדאַנקען מיט וואָס כ'וועל נאָר קענען".
„צוליב דעם בין איך טאָקע געקומען", האָט די שפין
געזאָגט און מאָדנע אונטערגעשמייכלט. נישט געקוקט אויף איר
שמייכל — האָט מען געזען, אַז זי האָט בייזע הינטער-כוונות. „מיט
אייער צאַפּלעניש מאַכט איר אַ תּל פון מיין גאַנצער נעץ. ווען
איר וועט אַ סעקונדע בלייבן רויק, וועל איך אייך באַפרייען".
„אַ גרויסן, גרויסן דאַנק אייך", האָט מאַיאַ אויסגערופן.
די שפין האָט זיך שוין געפונען האַרט נעבן איר. זי
האָט זיך איבערצייגט, אַז מאַיאַ האָט זיך שוין גאַנץ שטאַרק
פאַרפלאָנטערט.
„און וואָס איז מיט דעם גיפטל ד' האָט זי געפרעגט.
גאָט מיינער, ווי בייז און עקלדיק זי האָט אויסגעזען.
מאַיאַ האָט געציטערט פאַר שרעק, ווען זי האָט אַ טראַכט גע-
טאָן, אַז די שפין האָט איר בדעה אָנצורירן. זי האָט אָבער
געזאָגט אַזוי פריינטלעך, ווי ס'איז איר נאָר מעגלעך געווען:
„האָט נישט קיין זאָרג וועגן מיין גיפטל. כ'וועל אים
אריינציען און קיינער וועט זיך אין אים נישט פאַרווונדן".

„אַט דאָס וועל איך אייך טאַקע בעטן", האָט די שפּין אַ זאָג געטאָן. „אַלזאָ! אַכטונג! זיך רויק האַלטן! ס'איז מיר באמת אַ שאָד מיין נעץ".

די קליינע מאַיאַ איז געבליבן רויק. זי האָט פּלוצלונג דערשפּירט, ווי זי ווערט אַרומגעדרייט כסדר אויפן זעלבן אָרט, אַזוי אַז ס'האָט איר גענומען שווינדלען אין קאָפּ. זי האָט גע-מוזט צומאַכן די אויגן, און ס'איז איר נישט גוט געוואָרן. — אָבער וואָס איז דאָס?! מיט שרעק האָט זי אויפגעריסן די אויגן. זי איז אַרום און אַרום פאַרוויקלט געווען אין אַ גאַנץ פרישן קלעפּיקן פאָדים, וועלכן די שפּין האָט געבוזט האָבן ביי זיך.

„אָך, דו גרויסער גאָט", האָט די קליינע מאַיאַ שטיל געזאָגט מיט אַ ציטערדיקער שטים. כּמעט האָט זי קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. איצט איז שוין אַלץ פאַרלאָרן. ערשט איצט האָט זי דערקענט די פאַלשקייט פון דער שפּין. ערשט איצט איז זי געפאַנגען געווען און וועגן אַנטרינען איז שוין קיין רייד נישטאָ. זי האָט מער נישט געקענט רירן נישט מיט קיין פליגל, נישט מיט קיין איין אַנדער גליד פון איר קערפּער.

איר צאָרן איז פאַרשוווּנדן, בלויז אַ גרויסע טרויעריקייט האָט אָנגעפילט איר האַרץ. כ'האָב נישט געוווּסט, האָט זי גע-טראַכט, אַז אויף דער וועלט איז דאָ אַזויפיל פאַלשקייט און שלעכטס. איצט קומט אָן מיין טיפע טויט-נאַכט, זייט געגריסט דו ליכטיקע זון, זייט געזונט, מיינע ליבע חברים, פאַרוואָס האָב איך אייך פאַרלאָזן? זייט אַלע געזונט. כ'מוז שטאַרבן.

די שפּין איז פאַרזיכטיק געזעסן אַביסל אָפּגערוקט. זי האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט פאַרן גיפטל פון דער קליינער מאַיאַ.

„נו וואָס"? האָט זי מיט שפּאָט געפרעגט, „ווי פילט איר זיך, מיין קליינע"?

מאַיאַ איז געווען צו שטאָלץ, זי זאָל ענטפערן דעמדאָ-זיקן פאַלשן נפש. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום, ווען ס'האָט זיך

איר געדוכט, אַז זי וועט מער נישט קענען פאַרטראָגן איר טרויער, האָט זי געזאָגט:

„כ'בעט אייך, טוט מיך תיכף ומיד".

„אַ שיינע מעשה", האָט די שפין געזאָגט און פאַרקניפּלט אַ פּאָר צוריסענע פעדים. „איר מיינט אפשר, אַז כ'בין אַזוי נאַריש ווי איר? שטאַרבן וועט איר אַלץ איינס, ווען מ'וועט אייך נאָר לאָזן הענגען אַ רעכטע צייט, און אייער בלוט וועל איך קענען אויסזויגן שוין נאָכדעם, ווי איר וועט שוין מער נישט קענען שטעכן. ס'איז בלויז אַ שאָד, וואָס איר קענט נישט זען, סאַראַ תל איר האָט געמאַכט פון מיין שיינער נעץ, איר וואָלט כאָטש דאַן איינגעזען, אַז איר האָט כשר פאַרדינט דעם טויט".

בל'יצשנעל האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזן ביז צו דער ערד, זי האָט אַרומגעוויקלט דעם עק פון דעם נישט-געשפּונענעם פאָדים אַרום אַ קליינעם שטיין און אים פעסט אָנגעצויגן.

דאַן האָט זי ווידער אַרויסגעקלעטערט אין דער הויך, אָנגעכאַפּט דעם פעסטן שטריק, אויף וועלכן ס'איז געהאָנגען די איינגעוויקלטע מאַיאַ און לאַנגזאַם אים גענומען שלעפּן צו-זאַמען מיט איר געפאַנגענער.

„כ'פיר אייך אַוועק אין שאָטן, מיין ליבינקע", האָט זי געזאָגט, „די זון זאָל אייך נישט אויסטריקענען. חוצדעם שרעקט איר דאָרט אויבן אָפּ אַנדערע נפשות, וועלכע קענען זיך נישט היטן. און די גראָז-מוקן פאַלט אויך אַמאָל איין צו באַרויבן מיין נעץ. און כדי איר זאָלט וויסן מיט וועמען איר האָט אַן עסק: איך הייס טעקלאַ, פון דער פאַמיליע צלם-שפינען. אייער נאָמען דאַרפט איר מיר נישט אָנרופן, ס'איז מיר גלייכגילטיק, סיי ווי זענט איר אַ פעטער ביסן".

די קליינע מאַיאַ איז געהאָנגען טיף אין שאָטן פון אַ קונסט האָרט איבער דער ערד, הילפלאָז איבערגעגעבענע דער גרוי-זאַמקייט פון דער שפין, וועלכע האָט בדעה געהאַט איר צו לאָזן לאַנגזאַם שטאַרבן מיט אַ הונגער-טויט. אַזוי ווי זי איז געהאָנגען מיטן קאָפּ אויף אונטן, האָט זי גלייך דערשפּירט,

אַז דיזאַזיקע שרעקלעכע לאַגע וועט זי לאַנג נישט קענען אויסהאַלטן. זי האָט שטיל געיאָמערט און אירע הילפס-געשריי זענען אַלץ שוואַכער געוואָרן. ווער זאָל איר העלפֿן? אירע אייגענע אינדערהיים האָבן גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם אומגליק, וואָס איז מיט איר געשען, און במילא נישט געקענט אײַלן צו איר מיט הילף.

פּלוצלונג האָט זי דערהערט, ווי עמיץ ברומט צאָרנדיק אונטער איר אין גראָז און זי האָט פאַרשטאַנען די ווערטער:

„איך קום אָן, און דאָס איז גענוג, אַז אַלע זאָלן מיר פרײַמאַכן דעם פּלאַץ"!

איר דערשראָקן האַרץ האָט גענומען שטורמיש קלאַפּן, ווײַל לויט דער שטימע האָט זי תּיכּף דערקענט דעם מיסט-זשוק קורט, וועלכן זי האָט אַמאָל אונטערגעהערט בײַ דער פעלד-גריל איפּפּי און וועלכן זי האָט געהאָלפן זיך ווידער צו שטעלן אויף זײַנע פיס.

„קורט", האָט זי אויסגערופן, ווי הויך זי האָט נאָר געקענט, „ליבער קורט!"

„מאַכט אַ וועג", האָט אויסגערופן דער בלאָער קורט, ווײַל דאָס איז טאַקע געווען ער.

„איך שטיי אייך דאָך נישט אין וועג, קורט", האָט מאַיאַ אויסגערופן, „אַך, איך הענג דאָ איבער אייך, די שפּין האָט מיך געפאַנגען".

„אָבער ווער זענט איר דען?" האָט קורט געפרעגט. „מיך קען מען דאָך אומעטום, דאָס וועט איר איצט מסתמא מודה זײַן?"

„איך בין די בין מאַיאַ. אָ, כ'בעט אייך רחמים, העלפט מיר אַרויס!"

„מאַיאַ? מאַיאַ? — אָך, איך דערמאָן מיך. איר האָט זיך מיט מיר באַקענט פאַר אַ פּאָר וואָכן. בײַ אַלדי רוחות, איר זענט באמת אין אַ מוראדיקער לאַגע, דאָס מוז איך מודה זײַן, דאָ איז טאַקע נויטיק מײַן הילף. אַזוי ווי כ'האָב גראָד איצט אַביסל צײַט, וועל איך זי טאַקע אייך שענקען".

„אָ, ליבער קורט! קענס איר צערייסן דידאָזיקע פּע־
דים?"

„דידאָזיקע פּעדים? איר ווילט מיך באַליידיקן?" קורט
האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַנט איבער די מוסקולן פון זיין
אָרעם. „גיט נאָר אַ קוק, קליינע, דאָס איז אַזוי גוט ווי ריי־
נער שטאָל! נישט אַזוי לייכט וועט איר געפינען נאָך אַזאַ
קראַפט. איך נעם זיך אונטער אַ סך שווערערע זאַכן, ווי צערייסן אַ
פּאָר שפּינוועבס־פּעדים. אַ וווּנדער וועט איר באַלד איבערלעבן".

ער האָט אַרויפגעקלעטערט אויפן בלאַט, אָנגעכאַפּט דעם
פּאָדים, אויף וועלכן די קליינע מאַיאַ איז געהאָנגען, זיך פעסט
אָנגעהאַלטן אין אים און דאַן אָפּגעלאָזן דאָס בלאַט. דער פּאָ־
דים האָט זיך איבערגעריסן און ביידע זענען אַראָפּגעפאַלן אויף
דער ערד.

„דאָס איז ערשט אַן אָנהויב", האָט קורט געזאָגט. „אָבער
זעט נאָר ווי איר ציטערט, מיין קליינע מאַיאַ, אַך, מיין פּיי־
געלע, ווי בלאַס איר זענט. ווער שרעקט זיך דאָס אַזוי פאַרן
טויט. דעם טויט מוז מען רויק קוקן אין די אויגן, ווי איך
טו דאָס געוויינלעך. אָט אַזוי, איצט וועל איך אייך אויספּאַקן".

די קליינע בין האָט נישט געקענט אַרויסריידן קיין איין
וואָרט, קלאָרע טרערן, טרערן פון פרייד, זענען איר גערונען
איבער די באַקן. זי וועט ווידער פריי זיין, זי וועט ווידער
אַרומפליען אין זונען־שיין ווו זי וועט וועלן, זי וועט ווידער
לעבן.

פּלוצלונג האָט זי דערזען איבער זיך, ווי די שפּין לאָזט
זיך אַראָפּ איבער די יעזשינע־צווייגן.

„קורט", האָט זי אַ געשריי געטאָן, „די שפּין דערנע־
טערט זיך"!

קורט האָט נישט איבערגעריסן זיין אַרבעט, ער האָט בלויז
געלאַכט אין זיך. ער איז באמת געווען אַן אויסערגעוויינלעך
שטאַרקער זשוק.

„זי וועט זיך נאָך פריער גוט מישב זיין", האָט ער רויק
געזאָגט.

איבער זיי האָט זיך שוין געלאָזט הערן די בייזע קרעכצנדיקע שטים:

„באַנדיטן! צו הילף! מ׳באַרויבט מיך. די גראָבער פוסט-און-פּאַסניק, וואָס האָסטו פאַראַ געשעפטן מיט מיין רויב?!"

„מאַדאַם, רעגט זיך נישט אויף", האָט קורט געענטפערט.

„מיר וועט נאָך אויסקומען זיך דורכצורעדן מיט מיין חברטע. אויב איר זאָגט נאָך איין איינציק וואָרט, וואָס איז מיר נישט צום האַרצן, וועל איך אייך צערייסן אייער גאַנצע נעץ. וואָסיז פאַרוואָס זענט איר פלוצלונג אַזוי פאַרשטומט געוואָרן?

„כ׳בין אַן עלנטע פרוי", האָט די שפין געענטפערט.

„דאָס האָט גאָרנישט צום ענין", האָט קורט געהאַלטן. „איצט, זייט מוחל, טראָגט זיך אָפּ"! —

די שפין האָט געוואָרפן אויף קורטן אַ בליק פול מיט שנאה און גיפט, אָבער דערנאָך האָט זי באַטראַכט איר נעץ און זיך איבערגעלעגט די זאַך. לאַנגזאַם איז זי אַוועק צוריק און שטיל און צאָרנדיק געשאָלטן. דאָ העלפט נישט, באמת, נישט קיין ביס און נישט קיין שטאָך. קעגן אַזאַ פּאַנצער ווי קורטס לאָזט זיך גאָרנישט מאַכן.

זי האָט זיך שטאַרק געקלאָגט אויף דער אומגערעכטי-קייט פון דער אַרומיקער וועלט און, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, האָט זי זיך דערווייל באַהאַלטן אין אַ פאַרוועלקטן בלאַט, פון וועלכן זי האָט געקענט האָבן אין אויג איר נעץ.

פאַר דער צייט האָט זיך קורט אָפּגעפּאַרטיקט אונטן מיט דער קליינער מאַיאַס באַפרייאונג. ער האָט צעריסן די פעדים, באַפרייט אירע פליגלען און פיסלעך און דאָס איבעריקע האָט זי שוין אַליין געקענט פאַרענדיקן. זי האָט זיך גענומען פוצן מיט פרייד און גליק, כאָטש זייער לאַנגזאַם, ווייל זי איז גע-ווען זייער אָפּגעשוואַכט פון איר שרעק און זי האָט נאָך אַלץ געציטערט.

„איר מוזט עס פאַרגעסן", האָט קורט געזאָגט, „ווערט דאָס ציטערן אויפהערן. פּרובירט נאַר, צי איר קענט פליען".

מאַיאַ האָט זיך אויפגעהויבן אין דער הויך מיט אַ שטי-

לער זשומערי — ס'איז געגאַנגען זייער גוט, און צו איר פרייד האָט זי דערשפּירט, אַז קיין איינער פון אירע איבריקע איז נישט געשעדיקט געוואָרן. זי איז לאַנגזאַם אַרויסגעפלויגן ביז צו די זשאַסמין-בוקעטן, מיט גיריקייט געטרונקען פון שמעקע-דיקן האָניק-וואַסס, וועלכן זי האָט דאָרט געפונען איבערגענוג, און דאַן זיך אומגעקערט צו קורטן, וועלכער האָט שוין געהאַט פאַרלאָזן דעם קוסט און געזעסן אין גראָז.

„כ'דאַנק אייך פון גאַנצן האַרצן, האָט מאַיאַ געזאָגט, טיף גערירט פון איר נייעם פרייהייט-גליק.

— „דאָס וואָס כ'האָב געטאָן, איז טאַקע באמת ווערט א דאַנק", האָט קורט געזאָגט. „אָבער איך בין שוין תמיד אַזעל-כער. און איצט פליט אַוועק פון דאַנען. כ'וועל אייך געבן אַן עצה, איר זאָלט זיך היינט אינאָוונט פרי לייגן שלאָפן. האָט איר ווייט אַהיים"?

„ניין", האָט מאַיאַ אָפּגעענטפערט, „בלויז אַ פּאָר מינוטן, איך ווין אין בוקנוואַלד. זייט געזונט, קורט, כ'וועל אייך קיינ-מאָל נישט פאַרגעסן. כ'וועל אייך געדענקען ווייל כ'וועל לעבן".

## דאָס אכטע קאַפּיטל

# דער וואַנץ און דאָס פלאַטערל

די געפאַנגענשאַפט ביי דער שפין האָט די קליינע מאַיאַ אַרויפגעבראַכט אויף פאַרשיידענע געדאַנקען. זי האָט ביי זיך אָפגעמאַכט צו ווערן פאָרזיכטיקער און להבא נישט זיין אַזוי לייכטגלויביק. אמת, קאַססאַנדראַ האָט איר אויפגעקלערט וועגן די גרעסטע סכנות, וואָס דראָען די בינען, אָבער די וועלט איז דאָך אַזוי גרויס און ס'זענען דאָ אַזויפיל מעגלעכקייטן פאַר סכנות, אַז זי האָט געהאַט אַ גוטן גרונט זיך צו פאַרטראַכטן. באַזונדערס אָוונטצייט, ווען די שאָטנס הייבן זיך אָן שפרייטן איבער דער ערד, זענען דער קליינער איינזאַמער בין געקראָכן אין קאָפּ פאַרשידענע בייזע מחשבות; אָבער ווי נאָר די זון פלעגט אויף צומאָרגנס אויפשיינען, פלעגט זי פאַרגעסן אירע זאָרגן און דער דאָרשט נאָך איבערלעבונגען פלעגט איר ווידער אַריינטרייבן אין בונטן קאָך פון לעבן.

אין איינעם אַ טאָג האָט זי אָנגעטראָפן אין אַ מאַלינע-קוסט אַן אויסטערלישע באַשעפעניש. זי איז געווען קאַנטיק און מאָדנע פלאַסטיק, אָבער געהאַט אַ שיינע צייכענונג אויף איר רוקן-פאַנצער, וואָס מ'האָט נישט געקענט פאַרשטיין, צי דאָס זענען געווען פליגלען, צי נישט. דאָס אויסטערלישע קליינע פאַרזעניש איז מיט האַלב-צוגעמאַכטע אויגן זייער שטיל געזעסן אויף אַ בלאַט אין שאָטן, און, אפנים, פאַרזונקען געווען אין געדאַנקען אין מאַלינע-דופט.

מאַיאַ האָט געוואָלט וויסן, וואָס פאַרא באַשעפעניש דאָס איז. זי איז גאַנץ נאָנט צוגעפלויגן, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שכנותדיק בלאַט און זיך באַגריסט. די פרעמדע האָט אויפן גרוס נישט געענטפערט.

„הערט נאָר!" האָט מאַיאַ געזאָגט און אַ שטויס געטאָן דער פרעמדערס בלאַט, אַזוי אַז עס האָט זיך אַ וויג געטאָן. די פלאַטשיקע באַשעפעניש האָט לאַנגזאַם אויפגעעפנט איין אויג, אָנגעקוקט מיט אים מאַיאַן און געזאָגט:

„אַ בין. נו יאָ, ס'זענען דאָ אַ סך בינען". און ווידער צוגעמאַכט דאָס אויג. –

ס'אַרא מאָדנער נפש, האָט די קליינע מאַיאַ אַ טראַכט געטאָן, און פעסט באַשלאָסן די דערגיין דעם סוד פון דער פרעמדער. ערשט איצט איז זי פאַר דער קליינער בין נאָך געוואָרן אַ סך אינטערעסאַנטער, ווי דאָס טרעפט אָפט מיט מענטשן, וועלכע ווילן פון אונז נישט וויסן. מאַיאַ האָט פרובירט גליק מיט אַ ביסל האָניק. „כ'האָב איבערגענוג", האָט זי געזאָגט, „אפשר וועט איר פאַרזוכן אַביסל?"

די פרעמדע האָט ווידער אויפגעעפנט איר אויג און אַ רגע באַטראַכט מאַיאַן ערנסט. וואָס וועט זי דאָסמאָל זאָגן, האָט אַ קלער געטאָן די קליינע בין. אָבער זי האָט נישט באַקומען קיין שום תשובה, בלויז דאָס אויג האָט זיך ווידער צוגעמאַכט און די פרעמדע איז געבליבן זיצן שטיל, פעסט צוגעטוליעט צום בלאַט, אַזוי אַז מ'האָט נישט אַרויסגעזען קיין שפור פון אירע פיס און ס'האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז עמיץ האָט זי פעסט צוגעדריקט צום בלאַט מיטן גראָבן פינגער און פון דעם איז זי פלאַטשיק געוואָרן.

מאַיאַ האָט איצט קלאָר איינגעזען, אַז די פרעמדע וויל מיט איר קיין שום מגע ומשא נישט האָבן, – אָבער ווער וויל עס מ'זאָל אים אויף אַזאַ אומהעפלעכן אופן אָפּפטרן – און נאָך איידער ער האָט דערגרייכט זיין ציל. דאָס וואָלט געווען אַ מיאוסער דורכפאַל, און קיינער פאַרטראָגט עס נישט גערן.

„ווער איר זאָלט נישט זיין", האָט מאַיאַ אויסגערופן,

„בעט איך אייך צו גצדענקצן, אַז אין דער איבזעקטן-וועלט איז אָנגענומען צו ענטפערן אויף אַ באַגריסונג, בפרט נאָך דאַן, ווען זי קומט פון אַ בין".

ס'איז געוואָרן ווייער שטיל און קיין שום זאַך האָט זיך ניט באַוועגט. די פרעמדע האָט שוין מער איר אויג נישט אויפגעעפנט.

דאָס איז אַ קראַנקע, האָט מאַיאַ אַ טראַכט געטאָן. ווי אומאַנגענעם דאָס איז קראַנק צו זיין אין אַזאַ שיינעם טאָג, דעריבער זיצט זי אין שאָטן. מאַיאַ איז אַרויפגעפלויגן אויף דער פרעמדערס בלאַט און זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר.

„מיין טייערע", האָט זי פריינטלעך געפרעגט, „וואָס טוט אייך וויי?"

די פרעמדע באַשטעניש האָט פליצלונג אָנגעהויבן אַוועק-צוקריכן אויף אַ משונהדיקן אופן, ווי אַן אומגעזעצנע האַנט וואָלט זי אַוועקגעשאַרט. זי האָט נישט קיין פיס, האָט מאַיאַ אַ קלער געטאָן, דעריבער איז זי נישט אויפגעלייגט. ביי[...] שטיל פון בלאַט האָט זי זיך אָפגעשטעלט און דאָ האָט מאַיאַ צו איר גרויס פאַרוואונדערונג דערזען, אַז זי האָט געלאָזן נאָך זיך אַ קליינעם ברוינעם טראָפן. ווי מאָדנע, האָט זי אַ טראַכט געטאָן, אָבער דאָ האָט זיך פלוצלונג פאַרשפרייט אין דער לופט אַ שרעקלעכער גערוך, וואָס איז געקומען פון דאָזיקן ברוינעם טראָפן. די בין איז כמעט ווי געפאַלן אין חלשות, אַזוי שאַרף און עקלדיק איז דערדאָזיקער גערוך געווען, און ווי שנעל זי האָט נאָר געקענט האָט זי זיך אויפגעהויבן אין דער לופט, זיך געזעצט אויף אַ מאַלינע, פאַרשטאָפט די נאָז און זיך איני-נאַנצן געטרייסלט פון אויפרעגונג און שרעק.

„גוט אַזוי, פאַרוואָס האָט איר עסקים מיט אַ וואַנץ", האָט עמיץ איבער איר געזאָגט און זיך צעלאַכט.

„לאַכט נישט!" האָט מאַיאַ אויסגערופן.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט. איבער איר, אויף אַ שיינעם זיך-וויגנדיקן צווייג פון מאַלינעס-קוסט איז געזעסן אַ קליין פלאַ-טערל. ער האָט לאַנגזאַם און שטיל אויפגעעפנט און פאַרמאַכט

זיינע גרויסע פליגלען, גליקלעך פון דער זון. זיינע פליגלען האָבן געהאַט שוואַרצע קאַנטן, אינדערמיט האָבן זיי געהאַט קיילעכדיקע שוואַרצע פינטעלעך, אויף יעדן פליגל צו איינעם, צוזאַמען — פיר. מאַיאַ האָט שוין געהאַט געזען אַ סך זומער-פייגעלען, אָבער זי האָט נאָך מיט קיין איינציקן נישט געשלאָסן קיין קאַנטשאַפט. אַנטציקט מיט זיין שיינקייט — האָט זי שוין פאַרגעסן איר פאַרדראָס.

„אָך", האָט זי געזאָגט, „איר זענט אפשר גאַנץ גערעכט, וואָס איר לאַכט. איז דאָס געווען אַ וואַנץ?"

דאָס פלאַטערל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

„וואָס דען איז דאָס געווען?" האָט עס געזאָגט, נאָך אַלץ מיט געלעכטער, „מיט זיי האָט מען נישט קיין געשעפטן. איר זענט, מסתמא, נאָך זייער יונג?"

„דאָס קען איך נישט זאָגן", האָט מאַיאַ געענטפערט. „כ'האָב שוין אַ גרויסע דערפאַרונג. אָבער אַזאַ באַשעפעניש האָב איך נאָך נישט געטראָפן. ווער טוט דאָס אַזעלכע זאַכן?"

דאָס פלאַטערל האָט זיך ווידער צעלאַכט.

„די וואַנצן", האָט ער געזאָגט, „האָבן ליב איינזאַמקייט, און אַזוי ווי מ'האָט זיי נישט איבעריק ליב, פּרוּוון זיי צוציען אויף זיך אויפמערקזאַמקייט מיט אַזאַ אופן. ווען נישט דאָס, וואָלט מען זיי גאָר גיך פאַרגעסן, אָבער דאָס פירט צו דעם, מען זאָל טראַכטן וועגן זיי. און דאָס ווילן זיי טאַקע".

„סאַראַ שיינע פליגלען איר האָט", האָט מאַיאַ געזאָגט, „אַזוי לייכט און ווייס. וועט איר מיר דערלויבן זיך פאַרצו-שטעלן? כ'הייס מאַיאַ, פון בינען-פאָלק".

דאָס פלאַטערל האָט צענויפגעלייגט זיינע פליגלען אַזוי, אַז ס'האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט נאָר געהאַט איין-איינציקן פליגל, זיי זענען געשטאַנען גלייך ווי אַ סטרונע אין דער לופט, ער האָט זיך אַביסל פאַרנייגט און זייער קורץ געזאָגט:

„פריץ".

אַזוי איז געווען זיין נאָמען. מאַיאַ האָט זיך נישט גע-קענט אָפּוווּנדערן פון זיינע פליגלען.

„פֿליט אַביסל", האָט זי געבעטן.

„זאָל איך אַוועקפֿליען?"

„אָ, ניין", האָט מאַיאַ געענטפֿערט, „כ'וויל נאָר זען, ווי אַזוי אייערע גרויסע ווייסע פֿליגלען באַוועגן זיך אין דער בלאָ־ער לופֿט, אָבער כ'קען דאָס זען אויך שפּעטער. וווּ וווינט איר?"

„כ'האָב נישט קיין באַשטימטן וווין־אָרט", האָט פּריץ גע־זאָגט, „דאָס מאַכט אָן צופֿיל דאגות. זינט כ'בין אַ זומערפֿייגעלע, איז מיין לעבן באמת שיין. פֿריער, ווען כ'בין נאָך גע־ווען אַ שליערל, פֿלעגט מען דעם גאַנצן טאָג צוגעשמידט זיין צו די קרויט־בלעטער, מען פֿלעגט רק עסן און זיך אַרומקריכן".

„וואָס מיינט איר מיט דעם?" האָט מאַיאַ געפֿרעגט מיט דערשטוינונג.

„פֿריער בין איך געווען אַ שליערל", האָט פּריץ געענט־פֿערט.

„אוממעגלעך!" האָט מאַיאַ אויסגעשריגן.

„נו, כ'בעט אייך", האָט פּריץ געזאָגט און אָנגעשטעלט זיינע ביידע טאַפּערס גלייך אויף מאַיאַן, „דאָס ווייס דאָך יע־דער איינער, אפֿילו דער מענטש ווייס דאָס".

די קליינע מאַיאַ איז שטאַרק צעמישט געוואָרן. צי איז דען מעגלעך אַזאַ זאַך?

„איר מוזט מיר די זאַך גענויער דערקלערן", האָט זי געזאָגט מיט אומצוטרוי, „סתּם אין דער וועלט אַריין קען איך דאָס נישט גלויבן. איר דאַרפֿט דאָס גאָר פֿון מיר נישט פֿאָ־דערן".

דאָס פֿלאַטערל האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן דער בין אויפֿן קליינעם זיך־וויגנדיקן צווייג פֿון קוסט און אַזוי האָבן זיי זיך לעבנאַנאַנדער געוויגט אין מאָרגנווינט. פּריץ האָט איר דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אַמאָל, אַלס שליערל, זיך גענומען אַרומשפּינען, ביז כ'האָט מער נישט דערקענט ווי אַ נישט־אָנזעעוודיקע ברוינע הילע, וואָס ווערט אָנגערופֿן פּאָפּקע.

„און אין עטלעכע וואָכן אַרום", האָט ער ווייטער דערציילט, „האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון מיין טונקעלן שלאָף און בין

בראָכן מיין הילף. כ'בין אייך נישט בכח צו שילדערן, מאַמאַ, וואָס מ'לעבט איבער ווען פלוצלונג, נאָך אַ לאַנגער צייט, דער-זעט מען ווידער די זון. כ'האָב זיך אַזוי געשפּירט, ווי כ'וואָלט פאַרזונקען אין אַ וואַרעמען גאָלדענעם ים, און כ'האָב אַזוי ליב באַקומען דאָס לעבן, אַז כ'האָב באַקומען אַ האַרץ-קלאַפּן.

„דאָס קען איך פאַרשטיין", האָט מאַמאַ געזאָגט, „כ'האָב געשפּירט דאָסזעלבע, ווען כ'בין צום ערשטן מאָל פון אונ-זער טונקעלער שטאָט אַריינגעפלויגן אין העלן בלומען-דופט.

אין די קליינע בין איז אויף אַ קורצע ווײַלע געבליבן שטיל-שווייגן, ווייל זי האָט זיך דערמאָנט ווען איר ערשטן אַרויס-פלי. אָבער באַלד האָט זי געוואָלט וויסן, ווי אַזוי האָבן דעם פלאַטערלס גרויסע פליגלען געקענט וואַקסן אין אַ קליינער הילע. פריץ האָט איר דאָס דערקלערט.

„זיי זענען לייכט און פיין צענויפגעלייגט, ווי די בליטן-בלעטער פון אַ בלום אין קנאָספּ. ווען ס'ווערט העל און וואַרעם, מוז זיך די בלום עפענען, זי קען נישט אַנדערש, און דאַמאָלס אַנטוויקלען זיך אירע בלעטער. אַזוי איז אויך געשען מיט מיינע פליגלען. קיינער קען נישט ביישטיין דעם גלאַנץ פון דער זון".

„אמת", האָט מאַיאַ געזאָגט, „גאָלדענע ווערטער". זי האָט ערנסט באַטראַכט דאָס ווייסע פלאַטערל, ווי אַזוי עס זיצט זיך אין גאָלדענעם מאָרגנליכט, אונטערן בלאָען הימל.

„מ'וואַרפט אונז אָפט פאָר, אַז מיר זענען לייכטזיניק", האָט פריץ ווייטער גערעדט, „אָבער אינדערראמתן זענען מיר בלויז גליקלעך. איר וועט נישט גלויבן, ווי ערנסט איך טראַכט אַמאָל וועגן לעבן".

„און וואָס האָט איר אויסגעטראַכט?" האָט מאַיאַ אַ פרעג געטאָן.

„ווען דער צוקונפט טראַכט איך", האָט דאָס פלאַטערל געזאָגט, „זי איז זייער אינטערעסאַנט. אָבער איצט וויל איך פליען, די לאַנקעס אויפן באַרג זענען פול מיט כּלי-גלעקלעך

און ריאבינעס, אַלץ שטייט דאָרט אין בליִען; כ'וויל זיין דערביי, פאַרשטייט איר מיך".

מאַיאַ האָט דאָס ווייטער גוט פאַרשטאַנען. זיי האָבן זיך צעזעגנט און אַוועקגעפלויגן יעדער אין אַן אַנדער זייט, דאָס ווייסע פלאַטערל שטיל און וויגנדיק-זיך, ווי געטראָגן פון זאַנפטן ווינט, און די קליינע מאַיאַ מיט איר באַזאָרגטן זשו-מען, וואָס מיר הערן אים אין שיינע טעג איבער די בלומען און קנאָספּן עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווען מיר דערמאָנען זיך אין זומער.

## דאָס ניינטע קאַפּיטל

# האַניבאַלס קאַמף מיטן מענטשן

אין שכנות פון דער בוים-הייל, אין וועלכער די קליינע מאַיאַ האָט איינגעאָרדנט איר זומער-וווינונג, האָט זיך אין דער קאָרע פון דער סאָסנע באַזעצט דער קאָרע-זשוק פרידאָלין מיט זיין פאַמיליע. ער איז געווען אַן אַרבעטזאַמער און ערנסטער מאַן, וועלכער האָט שטאַרק געזאָרגט פאַר דער פאַרמערונג פון זיין פאַמיליע, און ער האָט דאָ סאַקע געהאַט אויפצוציען גאַנץ פיינע רעזולטאַטן. ער האָט מיט שטאָלץ געמעגט קוקן אויף זיינע פופציק ריירעוודיקע זין, וואָס אַלע האָבן זיי געגעבן די בעסטע האָפענונגען. יעדער איינער פון זיי האָט אויסגעגראָבן פאַר זיך אונטער דער בוים-קאָרע אַ קליינעם געדרייטן קאַנאַל און זיך געפילט אין אים גאַנץ גוט.

„מיין פרוי האָט עס אַזוי איינגעאָרדנט", האָט פרידאָלין געזאָגט צו מאַיאַן, „אַז קיין איינער שטויסט זיך נישט צעגויף מיטן צווייטן. מיינע זין קענען זיך גאָר נישט, יעדנס לעבנס-וועג גייט זיך מיט זיין ריכטונג".

מאַיאַ האָט שוין פון לאַנג געקענט פרידאָלינען. ס'איז פאַר איר קיין סוד נישט געווען, אַז די מענטשן האָבן נישט אי-בעריק ליב סיי אים און סיי זיין מין, אָבער זי אַליין האָט געהאַלטן, אַז פרידאָלין פאַרמאָגט זייער אַ ליבנסווירדיקן כאַ-ראַקטער און ביז איצט האָט זי נישט געהאַט דעם מינדסטן גרונט אים אויסצומיידן. גאַנץ פרי, ווען דער וואַלד שלאָפט

נאָך און די זון איז נאָך נישט אויפגעגאַנגען, פלעגט זי אָפט הערן ווי־ פיינעם קלאַפּן און עקבערן, שטיל פלעגט עס קלינגען, ווי אַ פיינער וואַסער וואָלט געריזלט, אָדער ווי דער בוים וואָלט געאָטעמט אין שלאָף. שפּעטער פלעגט זי געפינען דעם דינעם ברוינעם שטויב, וועלכן ער האָט אַרויסגעשליידערט פון זיין קאַנאַל.

אין איינעם אַ פרימאָרגן איז ער געקומען צו איר, ווי ער פלעגט עס טאָן אָפט, און זיך נאָכגעפרעגט, צו מאַיאַ האָט גוט געשלאָפן.

„איר וועט הײַנט נישט אַרויספליען?" האָט ער געפרעגט.

„ניין", האָט מאַיאַ געענטפערט, „ס'איז צו ווינטיק".

און ריכטיק, ס'איז טאַקע אַזוי געווען. דער וואַלד האָט געברויזט און געטרייסלט מיט זיינע צווייגן ווילד און אויפגע־ רעגט, און די בלעטער אויף זיינע צווייגן האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן וועלן אַוועקפליען. יעדעסמאָל, ביים אָנלויף פון אַ נייער ווינט־כוואַליע, פלעגט אַרום און אַרום אַבּיסל העלער ווערן, און מ'האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז די בוימער זענען אַ סך הוילער געוואָרן. אין דער סאָסנע, אויף וועלכער פרידאָ־ לין און מאַיאַ האָבן געלעבט, האָבן די שטיכען פון ווינט גע־ פייפט מיט אַ קלאָרן געזויס, ס'האָט געקלונגען, ריכטיק ווי דער בוים וואָלט געווען אויפגערעגט און צאָרנדיק.

פרידאָלין האָט אָפּגעזיפצט. „כ'האָב אַ גאַנצע נאַכט גע־ אַרבעט", האָט ער געגומען דערציילן, „וואָס העלפן דאָ קענען? מ'מוז זען קומען צו אַ תכלית. אויך מיט דערדאָזיקער סאָסנע בין איך נישט גאָר צופרידן, כ'האָב זיך געדאַרפט באַזעצן אויף אַ טענענבוים". ער האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און גוטמוטיק געשמייכלט.

„וואָס מאַכן אייערע קינדער?" האָט מאַיאַ פריינטלעך געפרעגט.

פרידאָלין האָט געדאַנקט. „כ'קען זיי שוין אַלעמען נישט האָבן אויפן אויג", האָט ער נישט געאיילט געענטפערט, „אָבער כ'וויל האָפן, אַז אַלעמען גייט כשורה".

באַטראַכטנדיק אים, ווי ער זיצט זיך דאָ, אַ קליינער

ברוינער מאַן, מיט זיין ברוסט-פאַנצער, וואָס זעט אויס ווי
אַ צו גרויסער קאָפּ, און מיט זיינע קורצע, אַביסל אונטערגע-
שאַרטע פליגל-צודעקן, האָט מאַיאַ געפונען, אַז ער מאַכט
כמעט ווי אַ קאָמישן איינדרוק, אָבער זי האָט גאַנץ גוט געוווסט,
אַז ער איז אַ געפערלעכער זשוק, וועלכער קען אָנטאָן גרויס
שאָדן די מעכטיקע וואַלד-בוימער. ווען זיין פאַלק פאַלט אָן
אין גרויסע מחנות אויף אַ בוים, קומען באַלד אום זיינע גרינע
נאָדלען, דער בוים אַליין הויבט אָן וועלקן און אָפּשטאַרבן
און ער האָט קיין שום מיטלען נישט זיך צו ווערן קעגן די קליי-
נע רויבער, וואָס צעשטערן זיין קאָרע, אונטער וועלכער די זאַפטן
שטייגן אויף צו דער קרוין. מ'דערציילט, אַז גאַנצע וועלדער
זענען שוין געפאַלן אַלס קרבן פון זיין פאַלק. מאַיאַ האָט אים
ערנסט באַטראַכט און אַ פייערלעך געפיל האָט זי אַרומגענומען,
ווען זי האָט באַגריפן, וואָס פאַראַ גרויסע באַדייטונג און
מאַכט ס'האָט געשטעקט אין דערדאָזיקער קליינער באַשעפעניש.

פלוצלונג האָט פרידאָלין אָפּגעזיפצט און געזאָגט טרויעריק:
„אַך, דאָס לעבן וואָלט שוין געווען, ווען ס'זאָלן נישט עקזיס-
טירן קיין פיקהאָלצן".

„יאָ, יאָ", האָט מאַיאַ מסכים געווען, „גאַנץ ריכטיק,
דער פיקהאָלץ פרעסט אַלץ אויף, וואָס ער געפינט נאָר".

„וואָלט זיך נאָר געהאַנדלט אין דעם", האָט פרידאָלין
געזאָגט, „וואָס לייכטזיניקע פאַרשוינען, וועלכע קריכן אַרום
פון אויבן אויף דער קאָרע, פאַלן צו אים אַריין אַלס רויב,
וואָלט איך געזאָגט: גוט, סוף-כל-סוף דאַרף דאָך אויך אַ פיק-
האָלץ לעבן. אָבער כ'האַלט, אַז עס איז אינגאַנצן נישט צו
פאַרענטפערן, וואָס דערדאָזיקער פייגל פאַרפאָלגט אונזער-איי-
נעם ביז אונטער דער קאָרע, ביז די ווייטסטע ווינקעלעך טיף
אין אונזערע גענג".

„וואָס רעדט איר", האָט מאַיאַ געזאָגט, „דאָס קען ער
דאָך נישט. אויף וויפיל כ'ווייס, איז ער צו גרויס דערצו".

פרידאָלין האָט אָנגעקוקט מאַיאַן מיט אויפגעהויבענע
ברעמען און אַ פּאָר מאָל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ מיט אַ ווינ-

מיקער מינע. ס'האָט אים קענטיק שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס ער ווייסט עפּעס בעסער פֿאַרן צווייטן.

„צו גרויס?" האָט ער איבערגעפֿרעגט, „ווער רעדט דען וועגן זיין גרויס? ניין, מיין ליבע, נישט זיין גרויס פֿאַרשאַפֿט אונז זאָרגן, נאָר זיין צונג."

מאַיאַ האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגן, און פֿרי־דאָלין האָט איר אויסגעקלערט, אַז דער פּיקהאָלץ האָט אַ לאַנגע דינע צונג, קיילעכדיק ווי אַ וואָרים, און שפּיציק און קלעפּע־דיק. „ער קען זי אַרויסשטעקן מינדעסטנס צען מאָל אַזוי לאַנג ווי איך בין", האָט דער עקבער־זשוק אויסגערופֿן און אויסגע־שטרעקט זיין האַנט. „מ'מיינט, אַז זי איז שוין געענדיקט, און פּלוצלונג ווערט זי נאָך לענגער. ער שטעקט זי אַריין, דער־געוויסנלאָזער, אין אַלע שפּאַלטן פֿון דער קאָרע און טראַכט זיך: אפֿשר געפֿינט זיך דאָרט נאָך־ווער. אַפֿילו אין אונזער־ע געגנט דרינגט אַריין דידאָזיקע צונג, זאָל מיר אַזוי גאָט העלפֿן, און אַלץ, וואָס קומט איר אָן אַנטקעגן, קלעפּט זיך צו צו איר און ווערט אַרויסגעשלעפּט."

„כ'געהער נישט צו די פּחדנים", האָט מאַיאַ געזאָגט, „זי־כער נישט, אָבער דערדאָזיקער פֿאַקט מאַכט מיר גרויסע זאָרגן."

„אָך, אייך איז גוט, איר האָט אַ גיפֿטל", האָט פֿרי־אָ־לין באַמערקט מיט קנאה. „יעדער איינער וועט זיך גוט היטן זיין, איידער ער וועט זיך לאָזן אַ שטאָך טאָן אין צונג, אדרבה, פֿרעגט וועמען איר ווילט. אָבער וואָס זאָל טאָן אונזער־איי־נער? מיין קוזינע האָט עס אַליין איבערגעלעבט. מיר האָבן גראָד פֿאַר דעם געהאַט אַ שטיקל קריגעריי איבער מיין פֿרוי, איך געדענק נאָך אַלץ גענוי, זי האָט אונז באַזוכט און נאָך נישט גוט געוווּסט ווו איין און ווו אויס אין אונזער שטוב. מיט איינמאָל הערן מיר ווי דער פּיקהאָלץ קלאַפּט און גראָבט, דאָס איז געווען איינער פֿון די קלענערע מינים. ער האָט, מסתמא, אָנגעהויבן גלייך פֿון אונזער נעסט, וואָרום אַזוי הערט מען אים געוויינלעך אַ סך פֿריער און מ'זוכט זיך אויס אַ

מקום-סקלס. פלוצלונג הער איך, ווי מיין אומגליקלעכע קוזינע שרייט פון א סונקעלן עק: „פרידאַלין, כ׳בין צוגעקלעפּט!" דערנאָך איז כ׳האָב נאָך געהערט אַ פּאַרצווייפלטן צאַפּלען, שטיל-געוואָרן און דער פּיקהאָלץ האָט שוין געקלאַפּט אין אַ מיין קוזינע האָט שוין מער נישט גע-דערנעבנדיקער נעסט. זי האָט געהייסן לעבעדיקן ווערן פאַרשלונגען. זי איז שוין געווען אַגאַסע".

„גיט נאָר אַ קוק, ווי עס קלאַפּט מיין האַרץ", האָט מאַיאַ שטיל געזאָגט, „איר האָט עס צו שנעל דערציילט. וואָס עס פּאַסירט אַלץ אין דער וועלט!" און די קליינע בין האָט געטראַכט וועגן אירע אייגענע איבערלעבונגען, וואָס זענען פאַרגאַנגען, און וועגן אַלץ, וואָס ס׳קען נאָך מיט איר פּאַסירן.

דאָ האָט פּלוצלונג פרידאַלין אָנגעהויבן צו לאַכן.

מאַיאַ האָט זיך אַן איבערראַשטע אומגעדרייט צו אים.

„אַכטונג!" האָט ער אויסגערופן, „אָט קלעטערט איינער אויפן בוים, דאָס איז שוין איינמאָל אַ טיפּ, זאָג איך אייך, איר וועט באַלד אַליין זען".

מאַיאַ האָט גענומען נאָכפאָלגן זיינע בליקן און דערזען אַ מערקווירדיקע חיה, וואָס האָט לאַנגזאַם אַרויפגעקלעטערט אויפן בוים. זי האָט קיינמאָל נישט געגלייבט, אַז ס׳זאָלן מעג-לעך זיין אַזעלכע חיות. אָבער נאָך מער ווי זי האָט געשטוינט, האָט זי צוגעקשט זיך געשראָקן, און זי האָט האַסטיק געפּרעגט פרידאַלינען, צי מ׳דאַרף זיך אויסבאַהאַלטן.

„וואָס אייך פאַלט איין", האָט געזאָגט דער עקבער-זשוק. „בלייבט רויק זיצן און באַגריסט דעמדאָזיקן הער הצפּלען. ער איז ווייטער געבילדעט און באַזיצט באמת ערנסטע ידיעות, דערצו האָט ער אַ גאָלדן האַרץ און איז באַשיידן און ווי אַלע פאַרשוינען מיט אַזאַ כאַראַקטער — אַ ביסל קאָמיש. קוקט זיך נאָר צו, וואָס ער טוט!"

„ער טראָגט, אַפּנים, וועגן עפּעס", האָט געזאָגט מאַיאַ. „וועלכע איז נאָך אַלץ געזעסן אַ דערשטוינטע.

„ער קעמפט קעגן ווינט", האט פרידאַלין בצואָגט און גע-
נומען לאַכן, „ווען ער זאָל זיך נאָר נישט פאַרפּלאָנטערן מיט
זיינע פיס".

„ווענען דען דידאָזיקע לאַנגע פעדים זיינע – פיס?" האט
מאַיאַ געפרעגט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. „עפעס אַזוינס האָב
איך נאָך קיינמאָל נישט געזען".

דערווייל איז דער פרעמדער צוגעקומען נענטער און
מאַיאַ האט אים געקענט גענויער באַטראַכטן. אינדערראַמען האט
זיך געדוכט, ווי ער וואָלט זיך באַוייזט אין דער לופט, אַזוי
הויך איז געהאָנגען זיין קליינער, קיילעכדיקער קערפער, און
די אומגעהייער לאַנגע פיס האָבן ווי אַ פאָדים-דינער, באַוועג-
לעכער געשטעל געזוכט אַן אָנהאַלט אין אַלע זייטן, ווייט פון
אים. ער איז געקראָכן פאַרויס פאָרזיכטיק, טאַפּנדיק דעם וועג,
דערביי האט זיך דער ברוינער קיילעכלע פון זיין קערפער
געוויגט באַלד העכער, באַלד נידעריקער. זיינע פיס זענען גע-
ווען אַזוי לאַנג און דין, אַז איין-איינציקער וואָלט בשום אופן
נישט געקענט אויסהאַלטן די וואָג פון קערפער, ער האט זיך
אומבאַדינגט גענויטיקט אין אַלע צוזאַמען און אַזוי ווי זיי
זענען אינדערמיט געווען איבערגעבראָכן, האָבן זיי געשטאַרצט
איבער אים הויך אין דער לופט.

מאַיאַ האט אַ פליטשקע-געטאָן אין די הענט:

„ביסט אַ מבין!" האט זי אויסגערופן. „זאָגט נאָר", האט
איר געהאַלטן פאַר מעגלעך, אַז אַזעלכע צאַרטע פיס, דין ווי
האָר, זאָלן קענען זיין אַזוי באַוועגלעך און נוצלעך, אַז מ'זאָל
זיי אויף דעראַמתן קענען באַנוצן, און זיי זאָלן וויסן, וואָס
זיי האָבן צו טאָן? פרידאַלין, דאָס איז באמת אַ וווּנדער!"

„גאַרישקייטן", האט געענטפערט דער עקבער-זשוק, „ווען
אַ זאַך איז קאָמיש, לאַכט מען דערפון, און מער גאָרנישט".

„מ'האָב דערצו קיין גרויס חשק נישט", מאַכט מאַיאַ, „אַפּשר
לאַכט מען איבער עפעס, און דערנאָך שטעלט זיך אַרויס, אַז
מ'האט עס גאָרנישט פאַרשטאַנען".

דערווייל איז דער פרעמדער צוגעקומען. פון דער הויך מיט

זיינע פיס, דורך אלע שפּיציקע דרייצקן האָט ער אַראָפּגעקוקט אויף מאַיאַ און געזאָגט: „גוט מאָרגן! אַן אַנדער שטורעמווינט, מיינע צוויי טייערע, אַ גאַנץ נישקשהדיקער צוקווינט, וואָס — נישט, אַדער — אפשר האָט איר געמיינט, אַז ס'איז אַן אַנדער זאַך ד״ מיט זיינע גאַנצע כחות.

און ער האָט זיך פעסט אָנגעהאַלטן מיט זיינע גאַנצע כחות. פרידאָלין האָט איינגעהאַלטן זיין געלעכטער, אָבער די קליינע מאַיאַ האָט העפלעך אָפּגעענטפערט, אַז זי מיינט אויך אַזוי ווי ער, דערובער איז זי טאַקע היינט נישט אַרויסגעפלויגן. דערנאָך האָט זי זיך פאָרגעשטעלט. דער פרעמדער האָט גע־קוקט אויף איר מיט אַ זייט — דורך זיינע קני:

„דאָס מאַיאַ, פון בינען־פאָלק״, האָט ער איבערגעחזרט, „כ'מוז פרייט מיך באמת, כ'האָב אַ סך געהערט פון די בינען. כ'מוז איך זאָגן אָפנהאַרציק, אַז כ'געפין זיך תמיד אין פאַרלעגנהייט, ווען כ'דאַרף זיך פאָרשטעלן פאַר עמיצן, ווייל אונזער משפחה איז זייער פאַרצווייגט און איז באַקאַנט אונטער פאַרשידנסטע נעמען. מ'רופט אונז וועבער־קנעכט, שניידער, אָדער שוסטער. יעדנ־פאַלס געהער איך צום מין שפינען און כ'יין איינגענאָמען איז האַניבאַל״.

די נעמען פון די שפינען האָבן אַ שלעכטע ווירקונג אויף אַלע קלענערע אינזעקטן, מאַיאַ האָט דעריבער נישט גע־קענט באַהאַלטן איר שרעק, בפרט, אַז זי האָט זיך דערמאָנט ווען איר געפאַנגנשאַפט ביי דער שפין טעקלאַ; אָבער האַני־באַל האָט עס, אפנים, גאָרנישט באַמערקט. האָט זי אַ טראַכט געטאָן: אייב ס'וועט אויסקומען, וועל איך אַוועקפליען, און ער וועט כיך בלויז פונוויטנס אָנקוקן, ווייל קיין פליגלען האָט ער דאָך נישט און זיין נעץ איז ערגיץ אַנדערש.

„כ'האָלט אין איין טראַכטן, כ'בין זייער שטאַרק פאַרטאָן אין געדאַנקען״, האָט האַניבאַל געזאָגט, „אייב איר וועט דער־לויבן, וועל איך צוקומען אַביסל נענטער, דאָרט הינטערן גרויסן צווייג וועל איך זיין געשיצט פון ווינט״.

„כ'יבן גרעסטן כבוד״, האָט מאַיאַ געזאָגט און געמאַכט פלאַץ. פרידאָלין האָט זיך אָפּגעזעגנט, אָבער די קליינע בין האָט זייער שטאַרק געוואָלט וויסן, וואָס אַזוינס שטעלט צאָר

דער האַניבאַל. סאַראַ באַשעפעניש עס געפינען זיך דאָס אַלץ אויף דער וועלט, האָט זי געטראַכט, כסדר האָלט מען אין איין אַנטדעקן אַלץ נייעס אין נייעס.

דער ווינט איז אַ ביסל שטילער געוואָרן, און די זון האָט אַריינגעשיינט דורך די ביים-צווייגן. ערגיץ-ווו אונטן אין די קוסטעס האָט אַ רויטהעלזל אָנגעהויבן צו שאַלן זיין ליד און אָנגעפילט דעם וואַלד מיט פרייד. מאַיאַ האָט עס געזען זיצן אויף אַ צווייג, זי האָט געזען, ווי דער גאָרגל האָט זיך באַוועגט ביים זינגען און דאָס פייגעלע האָט אויפגעהייבן זיין קעפל צום הימל.

„ווען איך זאָל קענען זינגען אַזוי ווי דאָרט דאָס רויט-העלזל", האָט די קליינע מאַיאַ געזאָגט, „וואָלט איך זיך אַני-דערגעזעצט אויף אַ בלום און געזונגען אַ גאַנצן טאָג".

„ס'וואָלט באַשטימט אַרויסגעקומען עפעס שיינס", האָט האַניבאַל באַמערקט, „איר מיט אייער זשומעריי".

„דער פייגל זעט אויס אַזוי גליקלעך", האָט די בין געזאָגט.

„איר זענט אַ פאַנטאַסטישע פּאַרשוין", האָט דער וועבער-קנעכט אָפּגעענטפערט. „ווען אַלע חיות וואָלטן זיך גע-וווּנטשן עפעס אַנדערעס, ווי זיי קענען, וואָלט זיך אין איין רגע די וועלט איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ. שטעלט זיך נאָר פאָר, ווען אַ רויט-העלזל וואָלט געהאַלטן, אַז זי מוז האָבן אַ גיפטל, אָדער ווען אַ ציג וואָלט וועלן אַרומפליען און זאַמ-לען האָניק. דאַן וואָלט נאָך אפשר געקומען אויך דער פראָש און פאַרלאַנגט צו האָבן אַזעלכע פיס ווי מיינע".

מאַיאַ האָט זיך צעלאַכט.

„ניין, נישט דאָס מיין איך", האָט זי געזאָגט, „אָבער כ'האַלט, אַז ס'איז ווּנדערשיין, ווען מ'קען אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן אַזוי גליקלעך מאַכן, ווי דאָס [illegible]יזיקער פייגל מיט זיין געזאַנג. אָבער וואָס איז דאָס? [illegible] פּלוצ-לונג אויסגעשריגן אין גרויס פאַרוואונדערונג, „מיין הער, איר האָט צן איבעריקן פוס. איר האָט זיבן שטיק".

האניבאל האט געקנייטשט דעם שטערן און אויסגעצייגט

געקוקט פאר זיך.

„קוים אמאל האט איר עס מיט גליק באמערקט", האט ער געזאגט אומצופרידן. „ניין, כ'האב נישט קיין איבעריקן פוס, נאר אדרבה, מיט איינעם ווייניקער".

„האט איר דען געוויינלעך אכט פיס?" האט מאיא געפרעגט א פארוואונדערטע.

„מיט אייער דערלויבעניש", האט האניבאל אפגעענטפערט, „מיר, שפינען, האבן צו אכט פיס. מיר דארפן זיי האבן, און חוצדעם — ס'איז חשובער. כ'האב איינעם פארלארן; ס'איז מיר א גרויסער שאד דער פוס, אבער מ'גיט זיך שוין אן עצה, נישקשה".

„ס'איז, מסתמא, נישט זייער אנגענעם צו פארלירן א פוס", האט מאיא געזאגט מיט מיטגעפיל.

האניבאל האט אנגעשפארט זיין קינבאק אין דער האנט און אזוי איינגעשטעלט די פיס, אז ס'איז שווער געווען זיי איבערצוציילן.

„כ'וועל אייך דערציילן", האט ער אנגעהויבן, „ווי אזוי דאס איז געשען. פארשטייט זיך, אז דער מענטש האט א האנט אין דעם, ווי תמיד, ווען ס'טרעפט עפעס. אונזער-איינער היט זיך, אבער דער מענטש איז אומפארזיכטיק און אמאל גיט ער דיך א נעם אן, ווי דו וואלסט געווען א שטיק האלץ. ווילט איר איך זאל אייך דערציילן, ווי ס'איז פארגעקומען די דאזיקע טרויעריקע געשעעניש?"

„מיטן גרעסטן כבוד", האט מאיא אפגעענטפערט און זיך גוט איינגעזעצט. „ס'וועט מיר זיין זייער אינטערעסאנט. איר האט, מסתמא, גאר א סך דורכגעלעבט".

„דאס איז ריכטיק", האט האניבאל געזאגט, „איצט ליינט צו קאפ. אונזער מין געהערט צו די נאכט-פעלקער, דאס מוזט איר, מסתמא, וויסן. כ'האב דעמאלט געוווינט אין א גרין גארטן-שטיבל, וואס איז פון דרויסן געווען באוואקסן מיט פלושטש און געהאט א סך אויסגעבראכענע פענסטער-שויבן,

אַזוי, אַז כ'האָב געקענט באַקוקן אַרײַן און אַרויס. ווי כ'איז גאָר טונקל געוואָרן, איז דער מענטש געקומען דורכן גאָרטן. דײַן קינסטלערכע זון, וועלכע ער רופט אָז לאָמפּ, האָט ער געטראָגן אין איין האַנט, אין דער צווייטער — אַ פלאַש און אונטערן אָרעם פּאַפּיר, חוץ דעם האָט ער נאָך געהאַט אין קעשענע אַ קליין פּעקל. אַוועקגעשטעלט אַלץ אויפן טיש און — זיך פאַרטראַכט: ער האָט געוואָלט אויפשרײַבן אויפן פּאַפּיר זײַנע מיינונגען. איר האָט שוין, מסתמא, געפונען פּאַפּיר אין וואַלד, אָדער אין גאָרטן. די שוואַרצע סימנים אויף דעם — האָט דער מענטש צוגעטראַכט".

„וואונדערבאַר", האָט מאַיאַ געזאָגט אַ גליקלעכע, וואָס זי דערוויסט זיך אַזוי פיל.

„צום דאָזיקן צוועק", האָט האַניבאַל ווייטער דערקלערט, „באַנוצט דער מענטש זײַנע ביידע פלעשער. אין דעם קלײנעם שטעקט ער אַרײַן אַ הילצערן שטעקעלע, און פון דעם גרויסן טרינקט ער. וואָס מער ער טרינקט, אַלץ בעסער מאַכט ער דאָס. פאַרשטייט זיך, אַז ער שרײַבט וועגן אונדז אַלץ, וואָס ער ווייס, און ער איז זייער פלײַסיק, אָבער קיין גרויסע חכמה שטעקט נישט אין דעם, ווײַל דער מענטש באַווײַזט ביז איצט גאַנץ ווייניק ידיעות וועגן אונדז, אינזעקטן. וועגן אונדזער נשמה־לעבן ווייס ער כמעט קיין האָר נישט, און אונדזער האַרץ מיט זײַנע שרעקן גייט אים קנאַפּ־וואָס אָן. איר וועט באַלד הערן"

„האָט איר וועגן מענטשן אַ שלעכטע מיינונג?" האָט מאַיאַ געפרעגט.

„דאָס קען איך נישט זאָגן", האָט דער וועבער־קנעכט געזאָגט און קרום אַראָפּגעקוקט פאַר זיך, „אָבער מיט זיבן פיס ווערט מען פאַרביסערט".

„נו, יאָ", האָט מאַיאַ זיך אָנגערופן.

„אין איינעם אַ אָוונט", האָט האַניבאַל ווייטער דערציילט, „האָב איך זיך געפונען, ווי געוויינלעך, אין די פענסטער־ווינקלען אויף יאַכט, און דער מענטש איז געזעסן פאַר זײַנע ביידע פלעשער און זיך באַמיט ס'זאָל עפּעס אַרויסקומען. כ'האָב

געהאַט גרויס פאַרדראָס דערפון, וואָרום אַ גרויסע צאָל קליינע
פליגן און מוקן, וואָס פון זייער פאַנג איז אָפּהענגיק מיין
חיונה, האָבן זיך געזעצט אויף דער קינסטלעכער זון פון
מענטשן און געגלאָצט אין איר, ווי דער שטייגער פון דידאָ־
זיקע אומגעבילדעטע ברואים״.
„נישט קיין בייז״, האָט מאַיאַ אַריינגעוואָרפן, „אויך איך
וועל דאָס נאָך אַמאָל גוט באַטראַכטן״.
„באַטראַכטן — פאַרוואָס נישט. אָבער באַטראַכטן איז דאָך
עפּעס גאַנץ אַנדערש ווי גלאָצן. קוקט זיך נאָר אַמאָל צו צו
די נאַרישקייטן, וואָס די דאָזיקע חברה אַרבעט אויס ביי אַ
לאָמפּ. מילא, וואָס זיי שלאָגן זיך אין אים צוואַנציק מאָל
מיטן קאָפּ, איז נאָך אַ קלייניקייט, אַנדערע טוען עס אַזוי
לאַנג, ביז זיי פאַרברענען זייערע פליגלען. דערביי גלאָצן זיי
אָן אויפהער אין ליכט״.
„אָרעמע באַשעפענישן״, האָט מאַיאַ געזאָגט, „מסתמא
קענען זיי זיך שוין מער נישט אָריענטירן״.
„סאָ זאָלן זיי בעסער בלייבן זיצן אין די פענסטער־
ווינקלען, אָדער אונטער די בלעטער״, האָט האַניבאַל געטענהט,
„דאָרט זענען זיי זיכער פאַר דעם לאָמפּ און דאָרט קען איך
זיי כאַפּן. — אין יענער אומגליקלעכער נאַכט האָב איך פון פענס־
טער־ווינקל באַמערקט, אַז לעבן לאָמפּ ליגן איינצלנע מוקן אין
די לעצטע גסיסה־צאַפּלענישן. כ׳האָב אויך באַמערקט, אַז דער
מענטש האָט נישט פאַר זיי דעם מינדסטן אינטערעס, און
כ׳האָב באַשלאָסן זיי צוצונעמען. איז דען דאָ אויף דער וועלט
אַ פאַרשטענדלעכערע זאַך?״
„ניין״, האָט מאַיאַ באַשטעטיקט.
„און פונדעסטוועגן איז דאָס געווען מיין אומגליק. שטיל
און פאָרזיכטיק בין איך געקראָכן אויפן פוס פון טיש, ביז
כ׳האָב געקענט אַרויסקוקן איבערן טיש־ראַנד. דער מענטש איז
מיר פאָרגעקומען שרעקלעך גרויס, און כ׳האָב זיך צוגעקוקט
צו דעם, וואָס ער טוט. לאַנגזאַם האָב איך געשטעלט איין פוס
נאָך דעם אַנדערן און זיך דערנענטערט צום לאָמפּ. כּל־זמן

כ'האָב זיך געפּונען הינטער דער פלאַש איז אַלץ געווען גלאָט, קוים אָבער בין איך אַרויסגעקראָכן פון הינטערן גלאָז, האָט מיך דער מענטש דערזען און מיך אַ כאַפּ געטאָן. ער האָט איינעם פון מיינע פיס אָנגענומען צווישן די פינגער, מיך אויפגעהויבן ביז צו זיינע גרויסע אויגן און געזאָגט: „עי, קוק אים נאָר אָן!" און דערביי האָט דערדאָזיקער גרוביאַן אויסגעשטשירעט די ציין איבערן גאַנצן פּנים, פּונקט ווי ס'וואָלט זיך האַנדלען וועגן אַ פאַרגעניגן".

האַניבאַל האָט אָפּגעזיפצט און די קליינע מאַיאַ איז געזעסן גאַנץ שטיל. ענדלעך האָט זי געפרעגט מיט אַ ברענענדיקן קאָפּ:

„האָט דען דער מענטש אַזעלכע גרויסע אויגן?"

„טראַכט בעסער, כ'בעט אייך, וועגן מיר און מיין לאַגע", האָט האַניבאַל אויסגערופן אין אויפרעגונג. „פּרובירט נאָר זיך פאָרצושטעלן אויף מיין אָרט. ווער וויל דאָס הענגען אויף איין פוס פאַר אויגן, וואָס זענען אַ צוואַנציק מאָל גרעסער פאַר זיין אייגענעם קערפּער? יעדער צאָן, וואָס האָט ווייס אַרויסגעבלאַנקט פון מענטשנס מויל, איז געווען צווייִמאָל אַזוי גרויס ווי איך. נו, וואָס וועט איר זאָגן דערצו?"

„שרעקלעך", האָט מאַיאַ געזאָגט, „באמת שוידערלעך!"

„אָבער מיין פוס האָט זיך, גאָט צו דאַנקען, אָפּגעריסן. ס'איז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלן, וואָס ס'וואָלט געשען, ווען ער וואָלט זיך נישט אָפּגעריסן. כ'בין אַראָפּגעפאַלן און גענומען לויפן אַזוי שנעל, ווי נאָר מיינע איבעריקע פיס האָבן מיך געקענט טראָגן, און זיך אויסבאַהאַלטן הינטער דער פלאַש, און דאָרט, באַשיצט פון אים, האָב איך געדראָט דעם מענטשן מיט דער שרעקלעכסטער נקמה. און דעריבער האָט ער מיך שוין מער נישט פאַרפאָלגט. כ'האָב געזען, ווי ער האָט אַרויפגעלייגט מיין פוס אויפן ווייסן פּאַפּיר און געקוקט, ווי ער האָט געוואָלט אַוועקלויפן, אָבער אָן מיר האָט ער עס נישט געקענט".

„חאָט ער זיך נאָך באַוועגט?", האָט מאַיאַ געפרעגט מיט שרעק.

„יאָ", האָט איר האַניבאַל דערקלערט, „אונזערע פיס טוען דאָס תמיד, נאָכדעם ווי מ'רייסט זיי אָפּ. מיין פוס איז געלאָפן, אָבער אַזוי ווי איך בין דערביי נישט געווען, האָט ער נישט געוואוסט, ווּ צו לויפן. דעריבער האָט ער זיך בלויז אָן אַ ציל געצאַפּלט אויף דעמזעלבן אָרט און דער מענטש האָט זיך צוגעקוקט, זיך געהאַלטן ביים נאָז און דערביי געשמייכלט, דער אכזר, איבער דער טריישאַפט פון מיין פוס".

„דאָס איז אויסגעשלאָסן", האָט די קליינע בין געזאָגט נישט-דרייסט, „אַן אָפּגעריסענער פוס קען נישט צאַפּלען".

„און פאָרט איז דאָס אַזוי", האָט האַניבאַל געענטפערט, „אונזערע פיס צאַפּלען נאָך גאַנץ לאַנג נאָכדעם, ווי מ'האָט זיי שוין אָפּגעריסן".

„ניין", האָט מאַיאַ אַנטשלאָסן געזאָגט, „דאָס וועל איך אָן אַ באַווייז נישט גלויבן".

„איר מיינט אפשר", האָט האַניבאַל בייז געפרעגט, „אַז כ'וועל צוליב אייך זיך אַרויסרייסן אַ פוס? כ'זע שוין, אַז מ'קען זיך מיט אייך נישט צונויפרעדן. עפעס ענלעכס האָט נאָך קיינער די העזה נישט געהאַט צו פאָדערן פון מיר".

„מאַיאַ איז שטאַרק צעטומלט געוואָרן. זי האָט נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס דער וועבער-קנעכט איז אַזוי בייז געוואָרן און מיט וואָס האָט זי זיך פאַרשולדיקט. ס'איז נישט אַזוי לייכט האָבן צו טאָן מיט פרעמדע לייט, האָט זי אַ טראַכט געטאָן, זיי טייטשן אָפּט גאַנץ אַנדערש אויס און באַגרייפן נישט, אַז מ'איז גאָרנישט אויסן געווען קיין שלעכטס. זי איז טרויעריק געוואָרן און אַ פאַרטראַכטע געקוקט אויף דער גרויסער שפּין מיט אירע לאַנגע פיס און בייזן געזיכט.

„באַמנות, ס'וואָלט נישט געשאַדט אייך גאָר אויפצופרעסן", האָט פלוצלונג געזאָגט דער וועבער-קנעכט, וועלכער האָט אפנים מאַיאַס גוטמוטיקייט אָנגענומען פאַר אַ באַווייז פון שוואַכקייט. אָבער די קליינע בין האָט זיך פלוצלונג מאָדנע פאַרוואַנדלט:

איר טרויער איז פֿאַרשווּנדן אוּן אויפֿן אָרט פֿוּן שרעק אוּן מורא איז אין איר האַרצן איינגעשטיגן אַ רויִקער מוּט. זי האָט זיך אַ ביסל אויסגעגלייכט, אַרויסגעלאָזן, אַליין נישט וויסנדיק וועגן דעם, איר הויכן העלן זשוּמען, אוּן געזאָגט מיט בלישטשענדיקע אויגן, אַ ביסל אוּנטערהויבנדיק אירע שיינע דורכזיכטיקע פֿליגלבן:

„כ׳בין אַ בין, מיין הער".

„אַנטשוּלדיקט", האָט געזאָגט האַניבאַל, זיך אויסגעדרייט אָן אַ זיי-געזוּנט אוּן אַזוי שנעל אַראָפּגעלאָפֿן פֿוּן בוים-שטאַם, ווי דאָס איז נאָר מעגלעך מיט זיבן פֿיס.

מאַיאַ האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן פֿוּן געלעכטער; אוּנטן האָט האַניבאַל אָנגעהויבן צוּ שעלטן אויפֿן קול.

„איר האָט אַ שלעכטן כאַראַקטער", האָט ער אָן אויפֿגעבראַכטער אויסגעשריגן „איר באַנוּצט אייער גיפֿטל קעגן פֿרעמדע, בעת די אַנדערע ווילן נאָר פֿאַרוואַגעבן"

וואָנען, ביי וועלכע דער שווערער מזל האָט צוּגענוּמען די מעגלעכקייט נאָרמאַל זיך צוּ באַוועגן. אָבער אייער שעה וועט נאָך שלאָגן, אוּן בעת איר וועט זיך געפֿינען אין קלעם, וועט איר זיך דערמאָנען אין מיר, אוּן אויף אַלץ חרטה האָבן."

ער איז פֿאַרשווּנדן אוּנטער די בלעטער פֿוּן אַ מעלבלימל אויף דער ערד. די קליינע בין האָט נישט אַלץ פֿאַרשטאַנען פֿוּן זיינע רייד, זי האָט זיך גוּט געשפּירט, בפֿרט אַז דער ווינט האָט זיך געלייגט אוּן מ׳האָט געקענט פּאָרויסזען אַ שיינעם טאָג. הויך אין הימל, אין טיפֿער בלאָקייט, האָבן געשוועבט ווייסע וואָלקנס; זיי האָבן אויסגעזען שטיל אוּן גליקלעך, ווי גאָטס גוּטע געדאַנקען. דער קליינער בין איז באַפֿאַלן אַ הייסע שטאַרקע בענקשאַפֿט נאָך די זאַטע שאָטנדיקע וואַלד-לאָנקעס אוּן נאָך די זוּניקע בערגלעך פֿוּן יענער זייט גרויסער אָזערע — דאָרט האָט שוין פֿוּן לאַנג, מסתמא, גערוישט אַ פֿריידיק לעבן. זי האָט געזען ווי די שלאַנקע גראָזן וויגן זיך, אוּן ביים וואַלד-זוּים, אין די שמאָלע וואַסער-גראָבנס, זענען געוואַקסן הויכע געלע ליליעס. פֿוּן זייערע בעכערס האָט מען געקענט אַריבערקוּקן אין דער געהיימנישפֿוּלער נאַכט פֿוּן

מיט קילקיים און געוויים ס'האָס וועלכן פון פענעמן-וואַלד, וואָס שטילקייט, פינסטערער זיין אין בעוווסט: האָט זי טרויער. גענייגט דרעמל-ליכט, רויטלעך אַ אין זון-שיין די פאַרוואַנדלט צויבער-מעשהלעך. די פון היימלאַנד דאָס זיך

נמעט האָט זי לופט. דער דורך שוין זי פליט אָט און די וואַלד-לאַנ־ אויפגעהויבן. זיך האָט זי ווי באַמערקט נישט זיך־ צו געלאָקט זי האָבן בלומען מיט בערגלעך די און קעס געטאָן. טראַכט אַ זי האָט לעבן, צו איז עס הערלעך ווי

## די ווּנדער פוּן דער נאַכט

אַזוי האָט די קליינע מאַיאַ פאַרבראַכט צווישן די אינזעקטן די טעג און וואָכן פוּן איר יונג לעבן. אמת, אויף אירע וואַנ־דערונגען דורך דער שיינער זומער־וועלט, ביי אַלע פריידן און סכּנות, האָבן איר אָפט געפעלט די חברים פוּן איר ערשטער קינדהייט און אָמאָל פלעגט איר אַרומכאַפּן אַ ווייטאָקדיקע בענקשאַפט נאָך דער היים, נאָך דער פאַרלאָזענער מלוכה פוּן איר פאָלק; ס'האָבן זיך אויך געמאַכט שעהן, ווען זי פלעגט בענקען נאָך שטענדיקער אַרבעט, נאָך נוצלעכער באַשעפטיקונג און נאָך דער געזעלשאַפט פוּן אירע שוועסטער. אָבער אין גרונט גענומען האָט די קליינע מאַיאַ געהאַט אַן אומרויקע נאַטור און ס'איז נאָך אַ גרויסע פראַגע צי זי וואָלט זיך אויף לאַנג געפילט גוט אין דער בינען־געזעלשאַפט. ביי אַלע חיות, — אויך ביים מענטשן, — טרעפט זיך, אַז איינצלנע נאַטורן קענען זיך נישט איינלעבן אין די ראַמען פוּן די אַלגעמיינע געוווינהייטן, און מ'מוז ווייער פאַרזיכטיק זיין און מיט גרויס ערנסט נאָכפאָרשן איידער מ'פאַרמשפּט אַזאַ באַשעפעניש. ווייל נישט תּמיד איז עס אַן אויסדרוק פוּן פוילקייט, אָדער קאַפּריז, — אָפט שטעקט אונטערן דאָזיקן דראַנג אַ טיפע בענקשאַפט נאָך עפּעס העכערס און בעסערס, ווי דאָס טאָג־טעגלעכע איז בכּח צו געבן, און פוּן אַזעלכע חברה־לייט וואַקסן אָפט אויס דערפאַרענע און קלו־גע מענער, אָדער פאַרשטענדיקע און מילדע פרויען. אויך די

קליינע מאַיאַ האָט אין תוך געבליבן געהאַט אַ ריין האַרץ, וואָס
איז אָפן געווען פאַר אַלץ און אין איר באַציונג צו דער
שיינער, גרויסער וועלט, אין וועלכער זי האָט דערוואַכט צו
לעבן, איז געווען אַ אויפריכטיקע דורשט נאָך וויסן און אַ גרוי-
סע פרייד מיט דעם לעבנס הערלעכקייט.

אָבער אפילו אין גליק פון שיינע איבערלעבונגען איז די
איינזאַמקייט אַ שווערע לאַסט, און וואָס דערפאַרענער די קליי-
נע מאַיאַ איז געוואָרן, אַלץ אָפטער האָט זי גענומען בענקען
נאָך געזעלשאַפט און ליבע. זי איז שוין מער נישט געווען
קיין גאַנץ יונגע בין, נאָר אַ פּרעכטיקע און שטאַרקע, מיט
בלאַנקע געזונטע פליגלען, מיט אַ שפּיציקן און געפערלעכן
גיפטל און אַ אַנטוויקלטן חוש פאַר די סכּנות און פריידן פון
לעבן. זי האָט שוין געהאַט אָנגעזאַמלט אַ סך דערפאַרונג און
ידיעות, און גאַנץ אָפט האָט זי געהאַט דעם ווונטש צו פאַר-
ווענדן זיי אויף אַ געהעריקן אופן. ס'קען זיין, אַז אין איין
שיינעם טאָג וואָלט זי זיך צוריקגעקערט אין בינשטאָק, גע-
פאַלן דער מלכּה צו די פיס און אויסגעבעטן ביי איר פאַר-
געבונג, זי זאָל איר ווידער אויפנעמען מיט כּבוד. נאָר איין
ברענענדיקער פאַרלאַנג האָט איר אָפּגעהאַלטן פון דאָזיקן שריט:
דער ווונטש צו דערקענען דעם מענטשן. זי האָט זיך וועגן
מענטשן אָנגעהערט אַזוי פיל סתירהדיקס, אַז אָנשטאָט קליגער
צו ווערן אין דאָזיקן פּרט, איז זי נאָך מער צעטומלט געוואָרן,
און פונדעסטוועגן האָט זי געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז נישטאָ אין
דער גאַנצער וועלט קיין מעכטיקערע, קליגערע און מער דער-
הויבענע באַשעפעניש, ווי דער מענטש.

פון דער הויך, פון דערווייטנס האָט זי אויף אירע וואַנ-
דערונגען פון צייט צו צייט געזען מענטשן, שוואַרצע, ווייסע
און רויטע, אויך אַזעלכע, וועלכע זענען געקליידט געווען
פילפאַרביק און בונט, גרויסע און קליינע. אָבער זי האָט זיך
נאָך קיינמאָל נישט דערוועגט צוצוקומען נאָענט צו זיי. איינמאָל
האָט זי לעבן טייכל געזען אַ רויטן שימער און ווייל זי האָט
די שיין פון דער פאַרב אָנגענומען פאַר אַ בלומענבייס, איז זי

צוגעפלויגן אהינצו. האָט זי דאָרט דערזען אַ מענטשן מיט גאָל-דענע האָר און אַ ראזיקן פּנים. ער איז געשלאָפן אין אַ רויטן קלייד צווישן די בלומען ביים טייך און, נישט געקוקט אויף זיין מוראדיקער גרויס, אויסגעזען אַזוי גוט און ליבלעך, אַז טרערן זענען מאַיאַן געקומען אין די אויגן פון אַנטציקונג. זי האָט פאַרגעסן אַלץ וואָס אַרום איר און נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פונם דרימלענדיקן מענטשן. אַלץ, וואָס זי האָט אַמאָל געהערט שלעכטס וועגן מענטשן, איז איר אויסגעקומען אומ-גלויבלעך, זי איז זיכער געווען, אַז אַלץ איז ליגן, וואָס מ'האָט איר אַמאָל אָנגערעדט וועגן דידאָזיקע ליבלעכע וועזנס. וואָס איינס פון זיי איז געשלאָפן אין שאָטן פון די פליסטערנדיקע בעריאָזעס.

דערווייל איז צו איר צוגעפלויגן אַ מוק און זי באַ-גריסט.

„גאָט מיינער", האָט מאַיאַ אויסגערופן מיט היץ, אינ-גאַנצן פאַרכאַפּט פון איבערעגונג און פרייד, „גיט נאָר אַ קוק אויפן מענטשן, ווי שיין ער איז, ווי גוט. זענט איר גאָרנישט באַגייסטערט דערפון?"

צוערשט האָט די מוק אָנגעקוקט מאַיאַן מיט דערשטוי-נונג און זיך לאַנגזאַם אומגעדרייט צום געגנשטאַנד פון איר באַוווּנדערונג.

– „יאָ", האָט זי געזאָגט, „ער איז גוט, אודאי, כ'האָב אים נאָר וואָס דורכגעשטעכן. גיט נאָר אַ קוק, ווי מיין לייב שי-מערט רויט פון זיין בלוט".

מאַיאַ האָט זיך אַזוי אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַרצן, אַזוי שטאַרק האָט זי די דרייסטקייט פון מוק איבערגעשראָקן.

„וועט ער דען שטאַרבן?" האָט זי אויסגעשריגן. ווי האָט איר אים פאַרוווּנדעט? פון וואַנען האָט זיך דערנומען צו אייך אַזאַ דרייסטקייט און צוגלייך אַזאַ שענדלעכער כאַראַקטער? איר זענט דאָך אַ רויב-חיה!"

די מוק האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און מיט איר הוי-

קענטיק מיט, געענטפערט, האט זי שטימעלע קלארער כער:
פון דער· מענטש. קליינער גאנץ א נאר דאך איז „דאס  גרויס הגאה:
פיס די וויבאלד מיידלעך, זיי מען רופט — גרויס דאזיקער
אפשטייענדיקן און מיט צוגעדעקט העלפט דער צו ביז זענען
דורכשטעכן, אים כ׳קען אז זיך, פארשטייט פאנצער. פארביקן
ס׳זעט ווי — הויט. די נישט מען דערגרייכט געווינלעך אבער
איר גלויבט צי ; עם-הארץ גרויסער גאנץ א איר זענט איס,
קיין זיי צווישן נאך כ׳האב ? גוט איז מענטש דער אז סעקע,
זיין מכבד פרייוויליק מיר זאל ווערלכער געפונען, נישט איינעם
בלוט״. טראפעלע קלענסטן מיטן
גאנץ נאך איך ווייס מענטשן ווען אמת, איז אמת „וואס  כאטש
זיך. ביי אראפגעפאלן גענויגט מאיא האט חייניק״,
גרויסע גאר אים מיט דאך האט איר מענטשן, מיטן סאן צו
איינער״. יעדער דאך ווייס דאס געשעפטן,
ניסט-דרייסט מאיא זיך האט מלוכה״, די פארלאזן כ׳האב „כ׳האב
געוואלט כ׳האב געפעלן, נישט דארט מיר ס׳איז „ס׳איז מודה-געווען.
דערקענען״. וועלט די אביסל
אויס· מוק די האט איר״, צו נישט איר זאגט וואס „אהא,
אייך האט „גו, מאיאן. צו טרים פאר א געמאכט און גערופן
מיר אז זאגן, אייך כ׳מוז ? ארומוואנדערן דאס באקומען ווויל
וואלט זייט מיין פון איך אומאפהענגיקייט. אייער געפעלט
מענטשן״. דעם דינען צו אנטשלאסן נישט קיינמאל זיך
מא- געזאגט האט אונז״, אויך דינען מענטשן די „אבער
מ׳דערנידעריקט וואס פארטראגן, געקענט נישט האט זי ווייל יא,
פאלק וועלכן „צו מוק, די געענטפערט האט „מעגלעך״, פאלק. איר
רעגי· די שלאס-פארק. אין בינען-פאלק פון שטאם „איך  ? איר געהערט
„ס׳איז פארנייגט, זיך און געזאגט מוק די האט אזוי״, „אזוי, אכטע״. די העלענע איז מלכה רנדיקע

מקנא צו זיין אזא יחוס. כ'דריק אייך אויס מיין אכטונג. איר
האָט גישט לאַנג צוריק איבערגעלעבט אַ רעוואָלוציע, וואָס —
נישט ? כ'האָב דאָס געהערט פון די אויסקוקער פון דער מחנה,
וועלכע האָט פאַרלאָזן דעם בינשטאָק. איז דאָס ריכטיק ?"

„יאָ", האָט מאַיאַ שטאָלץ געזאָגט. ס'האָט איר פאַרשאַפן
באַפרידיקונג און פרייד, וואָס איר שטאַם האָט אַזאַ גרויסן אָנ-
זען און איז אַזוי ווייט באַקאַנט. טיף אין האַרצן האָט ווידער
ביי איר אויפגעוואַכט די בענקשאַפט נאָך איר פאָלק, זי האָט
דערשפירט אַ ווונטש צו קענען טאָן עפּעס גרויסעס און גוטעס
פאַר איר מלכּה און פאַרן ווייל פון איר קיניגרייך. צוליב דעם
האָט זי פאַרגעסן זיך נאָכפרעגן אויפן מענטשן. און אפשר האָט
זי מער נישט געפרעגט אויך צוליב דעם, ווייל זי האָט זיך
נישט גערעכנט צו הערן פון דער מוק קיין שום גוטס. די מוק
האָט איר אויסגעוויזן צו זיין פרעך און צו איבערגעשפּיצט, —
אַזעלכע לייט וויסן צו דערציילן וועגן אַנדערע בלויז שלעכטס.

חוצדעם איז די מוק ־עמאָלסט גלייך אַוועקגעפלויגן.

„כ'וועל נאָך איין זופּ טאָן", האָט זי אויסגערופן. „און
שפּעטער וועל איך מיט מיינע שוועסטער פליען אין דער אָוונט-
זון, כּדי מיר זאָלן מאָרגן האָבן אַ גוטן וועטער".

מאַיאַ איז שנעל אַוועקגעפלויגן, ווייל זי האָט קיין האַרץ
נישט געהאַט צוצוזען, ווי די מוק טוט שלעכטס דעם שלאָפנ-
דיקן קינד. איר האָט שטאַרק געוווּנדערט, וואָס די מוק באַ-
צאָלט נישט דערפאַר מיטן לעבן. קאַססאַנדראַ האָט דאָך איר
געזאָגט: „ווען דו שטעכסט אַ מענטשן, דאַן מוסטו שטאַרבן".

מאַיאַ האָט נאָך ווייער גוט געדענקט דידאָזיקע געשעע-
ניש, אָבער איר ווונטש וואָס מער צו דערקענען דעם מענטשן
איז נאָך דערמיט נישט באַפרידיקט געוואָרן, און זי האָט באַ-
שלאָסן צו ווערן דרייסטער און זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין
שום שוועריקייטן, כּדי צו דערגרייכן איר ציל.

* *

ס'איז באַשערט געווען, אַז מאַיאַס ווונטשן זאָלן דערפילט
ווערן אויף אַ וווּנדערבאַרן אופן און נאָך אַ סך שענער, ווי זי

האָס זיך געריכט. אין איינעם אַ וואַרעמען זומער-אָוונט איז די
קליינע בין געגאַנגען שלאָפן אַביסל פריער ווי געוויינלעך און
פלוצלונג האָט זי זיך אויפגעכאַפּט אינמיטן דער נאַכט — אַ
זאַך, וואָס מיט איר איז נאָך קיינמאָל נישט געשען. זי איז גע-
ווען אומבאַשרייבלעך דערשטוינט, ווען זי האָט געעפנט די
אויגן און דערזען, אַז איר קליין שלאָפצימער איז אינגאַנצן
פאַרזונקען אין אַ שטילער בלאָער שיין. די שיין האָט אַריינגע-
שטראָמט פון איינגאַנג, וואָס זיין עפנונג האָט געשטראַלט ווי
אונטער אַ זילבער-בלאָען פאָרהאַנג. צוערשט האָט זי זיך נישט
דערוועגט אַ ריר צו טאָן, אָבער נישט פון מורא, ווייל מיטן
[illegible]דיקן שיין איז אין איר אַריינגעפלאָסן אַ מאָדנע שיינע רוי-
[illegible]יין. און דרויסן האָט עפּעס געקלונגען אין דער לופט אַזוי
[illegible]יין און האַרמאָניש, אַז ענלעכס האָט זי נאָך קיינמאָל נישט
[illegible]. עגדלעך, פאַרצויבערט פון גלאַנץ פון דעראָזיקער
[illegible] צייט, איז זי נישט-דרייסט צוגעגאַנגען צום
[illegible] פון איר בוים-הייל און אַרויסגעקוקט. איר האָט זיך
[illegible], אַז די גאַנצע וועלט איז פאַרצויבערט דורך אַ ווונ-
[illegible]. אומעטום האָט שימערירט און געפונקלט ריינסטער זיל-
[illegible]בער, טויזנטער הערצע פערל האָבן מאַט און גליקלעך געלויכטן
אין גראָז, וואָס איז געלעגן אינדערווייטנס ווי צוגעדעקט מיט
דינע שלייערן, די שטאַמען פון די בעריאָזעס און די שלאָפנדיקע
[illegible]לעטער זענען באַצויגן געווען מיט זילבער. און אַלץ אַרום און אין
[illegible]ער שטילער, באַרויקטער ווייטקייט איז איינגעהילט געווען אין
אַ זאַנפט, בלאָ ליכט.

„דאָס איז די נאַכט, נאָר די נאַכט קען דאָס זיין", האָט די
קליינע מאַיאַ געפּליסטערט און צענויפגעלייגט די הענט ווי צו אַ תפילה.

הויך אין הימל, אַביסל פאַרשטעלט דורך די בלעטער
פון אַ בוקן-צווייג, איז געלעגן אַ פולער, קלאָרער זילבער-דיסק,
פון וועלכן ס'איז געפאַלן דאָס ליכט, וואָס האָט שענער גע-
מאַכט די גאַנצע וועלט. ערשט איצט האָט מאַיאַ באַמערקט,
אַז אַרום דער לבנה ברענט אין הימל אַן אומגעהייערע צאָל
אַלע
האַרטע פלעמלעך, וואָס זענען שענער און שטילער פון

בלישטשנדיקע זאַכן, וועלכע זי האָט ווען־נישט־איז געזען. זי איז געווען אויסער זיך פון גליק, וואָס זי האָט דערלעבט צו זען די נאַכט, די לבנה און די שטערן מיט זייערע ליבלעכע וואונדער. פון דעם אַלעם האָט זי ביז איצט בלויז געהערט און קיינמאָל נישט געגלויבט שטאַרק אין דעם.

פלוצלונג האָט זי ווידער דערהערט נאָנט פון זיך דעם הויכן און ווייט־שאַלנדיקן אויסטערלישן נאַכט־געזאַנג, וועלכער האָט זי מן־הסתם אויפגעוועקט פון שלאָף. דאָס איז געווען אַ ציטערנדיקער צווישטער מיט אַזאַ קלאָרן זילבער־טאָן, אַז ס'האָט זיך געדוכט, אַז דער שיין פון דער לבנה גיט אַרויס דאָס זאַניקע קלינגען ביים אַראָפּרייזעלן. מאַיאַ האָט זיך אומגעקוקט און געזוכט די סיבה פון קלאַנג, אָבער אין דעם פאַרבאָרגע־נעם שפּיל פון ליכט און שאָטן איז זייער שווער געווען עפּעס געטרוי צו דערקענען; אַלץ איז געהיימנישפול פאַרהילט געווען און צו גלייכער צייט אַזוי אמתדיק שיין ווי אין אַ מעשהלע.

די קליינע מאַיאַ האָט שוין לענגער נישט געקענט אויס־האַלטן אין איר באַהעלטעניש, ס'האָט זי געצויגן אין דער דאָ־זיקער נייער פּראַכט פון דער וועלט. דער גוטער גאָט וועט מיר באַשירמען, האָט זי געטראַכט, כ'האָב דאָך נישט קיין שלעכטע כונות.

גראָד אין דעם מאָמענט, ווען זי האָט געוואָלט אַוועק־פליען צום בלאָען שיין אויף דער לאָנקע, איבער וועלכער די פולע לבנה האָט געגאָסן איר ליכט, האָט זי דערזען ווי אויף אַ נאָענטן בוקן־בלאַט איז געקומען צופליען אַ קליינע, באַ־פליגלטע באַשעפעניש, וועלכע זי האָט נאָך קיינמאָל נישט גע־האָט געטראָפן. גלייך נאָך איר אָנקומען, האָט זי זיך אויס־געצויגן צו דער לבנה, אויפגעהויבן אַ ביסל איינעם פון אירע שמאָלע פליגלען און שנעל גענומען פירן איר פיסל אַהין און צוריק איבערן פליגל־זוים. ס'האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט גע־פידלט אויף אַ פאַרבאָרגענער פידל און באמת, — ס'איז אַנט־שטאַנען יענער צווישערנדיקער זילבער־טאָן, וואָס האָט אויס־געפילט די גאַנצע נאַכט.

„אויסערגעוויינלעך", האָט מאַיאַ געפּליסטערט, „בנאמנות, דאָס איז פּשוט הימליש".

זי איז שנעל איבערגעפּלוינן. די זומערנאַכט איז געווען וואַרים און מילד און די קליינע בין האָט נישט געשפּירט, אַז ס'איז געווען קילער ווי בייטאָג. ווען זי איז אָנגעקומען אויף דער פּרעמדערס בלאָט, האָט די לעצטע מיטאַמאָל איבערגעריסן איר שפּיל, און מאַיאַן האָט זיך געדאַכט, אַז קיינמאָל איז נאָך נישט געווען אַזוי שטיל, ווי איצט. ס'איז כמעט געווען אַ שרעק. דורך די טונקעלע בלעטער האָט געפּלאָסן דאָס ווייסע, קילע ליכט.

„גוט נ'אָוונט", האָט די קליינע מאַיאַ געזאָגט זייער העפלעך, ווייל זי האָט געהאַלטן, אַז ביינאַכט דאַרף מען זיך באַגריסן אויפן זעלבן שטייגער ווי בייטאָג, און זי האָט שנעל צוגעגעבן: „כ'בעט אייך, אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך שטער אייך, אָבער אייער שפּיל האָט אַזוי פיל צוציענדיקס, ווען מען הערט עס, אַז מ'לאָזט זיך פליען נאָכן קלאַנג."

די פרעמדע האָט אָנגעקוקט מאַיאַן מיט גרויסע אויגן:

„וואָס פאַר אַ קריך-באַשעפעניש זענט איר דען?" האָט זי לסוף געפרעגט. „עפּעס ענלעכס האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען".

„איך בין גאָרנישט קיין קריך-באַשעפעניש", האָט די בין ערנסט געזאָגט, „איך בין מאַיאַ פון בינען-פאָלק".

„אַזוי גאָר, פון בינען-פאָלק, זייער שיין, זייער פיין"... האָט די פרעמדע געזאָגט. „איר לעבט בייטאָג, נישט אמת? דער נאָדלער האָט מיר דערציילט וועגן אייער מין. ער האָט מיר דערציילט, אַז אינאָוונט פרעסט ער אויף די טויטע, וועלכער מ'וואַרפט אַרויס פון אייערע בינשטאָקן".

„אמת", האָט מאַיאַ אַביסל דערשראָקן געזאָגט, „קאַססאַנדראַ האָט מיר דערציילט וועגן דעם, דער נאָדלער קומט אין פאַרנאַכט-טונקל, שמאָטשקעט מיט די ליפּן און זוכט די טויטע. די וועכטער האָבן דאָס דערציילט. אָבער זאָגט נאָר, איר האָט עסקים מיטן נאָדלער? ער איז דאָך אַ שוידערלעכע פּאַרזענעניש".

„איך געפין דאָס נישט", האָט די פּרעמדע געזאָגט. „מיר, נאַכט-גרילן, זענען מיט אים אין זייער גוטע באַציונגען. אמת, ער פּרוּווט זיך אונז צו כאַפּן, אָבער דאָס גיט זיך אים קיינ-מאָל נישט איין. מיר רייצן זיך אָפּט מיט אים און ס'איז זייער אַ פרייליכע שפּיל. מיר רופן אים פּעטערל. יעדער איינער מוז דאָך לעבן, וואָס נישט? און כּל-זמן עמיץ לעבט נישט אויף מיין חשבון, קען איך צו אים גאָרנישט האָבן".

מאַיאַ האָט געשאָקלט מיט איר קעפּל, זי האָט געהאַט וועגן דעם אַ גאַנץ אַנדער מיינונג, אָבער זי האָט נישט גע-וואָלט ערגערן די פרעמדע מיט איר ווידערשפּרוך, האָט זי פריינטלעך געפרעגט:

„הייסט עס, איר זענט אַ גריל?"

„יאָ, אַ נאַכט-גריל. אָבער זייט אַזוי גוט און שטערט מיר מער נישט, כ'מוז שפּילן. ס'איז אַ פולע לבנה און די נאַכט איז וווּנדערשיין".

„אָך, מאַכט פאַר מיר אַן אויסנאַם", האָט זיך מאַיאַ גע-בעטן, „דערציילט מיר אַ ביסל וועגן דער נאַכט".

„די זומער-נאַכט איז די שענסטע זאַך אויף דער וועלט", האָט די גריל אָנגעהויבן, „זי פילט אָן דאָס האַרץ מיט גליק. דאָס, וואָס איר וועט נישט אַרויסהערן פון מיין שפּיל, וועל איך אייך אויך נישט קענען דערקלערן. צוּוואָס תמיד אַלץ וויסן? מיר, אָרימע באַשעפענישן ווייסן פון וועלט-לעבן נאָר אַ קליינעם טייל, אָבער פילן קענען מיר די גאַנצע פּראַכט פון דער וועלט".

און זי האָט אָנגעהויבן איר קלאָר, יובלדיק זילבער-שפּיל, ס'האָט געקלונגען הויך און מעכטיק, ווען מ'האָט עס געהערט פון אַזוי נאָענט, ווי מאַיאַ. און די קליינע בין איז געזעסן שטיל-שטיל אין דער בלאָער זומער-נאַכט און זיך צוגעהערט אין זייער טיף זיך פאַרטראַכט וועגן לעבן.

פלוצלונג איז שטיל געוואָרן לעבן איר. ס'האָט זיך דער-הערט אַ שטילער קלונג און זי האָט געזען, ווי די גריל פליט אַריין אין לבנה שיין.

די נאַכט יאָגט אָן אַזאַ טרויער, האָט די קליינע מאַיאַ אַ טראַכט געטאָן.

זי האָט זיך איצט געוואָלט אַראָפּלאָזן אויף דער בלומען־לאָנקע. אויפן ברעג טייכל זענען געשטאַנען וואַסער־ליליעס. זיי האָבן זיך געשפּיגלט אין שנעלן שטראָם, וועלכער האָט געטראָגן מיט זיך די לבנה־שיין. ס'איז געווען אַ פּרעכטיק בילד. דאָס וואַסער האָט געפליסטערט און שימערירט און די אַראָפּגעבויגענע ליליעס זענען אַפנים געשלאָפן. זיי זענען איינגעשלאָפן פאַר גרויס גליק, האָט אַ טראַכט געטאָן די קליינע בין. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ ווייסער בלומענבלאַט, אין רעכטן מיטן לבנה־שיין און נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון לעבעדיקן שטראָם וואַסער, וואָס פלעגט אויפבליצן מיט ציטערנדיקע פונקען און ווידער אויסגעלאָשן ווערן. אויף יענער זייט טייכל האָבן געשימערט בעריאָזעס און ס'האָט אויסגעזען, ווי די שטערן וואָלטן געהאָנגען אין זיי..

ווהין פליסט דאָסדאָזיקע גאַנצע וואַסער, האָט זי אַ טראַכט געטאָן. די גריל איז גערעכט, מיר ווייסן אַזוי ווייניק פון דער וועלט.

פלוצלונג האָט זי הערט לעבן זיך אין אַ ליליען־בעכער פאַרנומען אַ פיינע, זינגנדיקע שטימעלע, אַזאַ ריינע און גלאָקן־קלאָרע, וואָס אַן ענלעכס האָט זי נאָך נישט געהערט אויף דער ערד. איר האַרץ האָט גענומען שטאַרק קלאַפּן און איר אָטעם האָט זיך אָפּגעהאַקט.

אָ, האָט זי אַ קלער געטאָן, וואָס וועט דאָ געשען, וואָס וועט מיר דאָ באַשערט זיין צו זען.

די ליליע האָט זיך לייכט אַ וויג געטאָן, דערנאָך האָט מאַיאַ דערזען, אַז איין בלאַט האָט זיך ביים קאַנט אַביסל פאַרבויגן נאָך אינעווייניק און זי האָט דערזען אַ גאַנץ קליינע שניי־ווייסע האַנט, וועלכע האָט זיך אָנגעהאַלטן אין בלאַט מיט אַ פּאָר פינגערלעך. דאַן איז אַרויסגעשוווּמען אַ בלאָנד קעפּל און אַ ליכטיק צאַרט קערפּערל אין אַ ווייס קלייד. דאָס איז

געזוועזן אַ גאַנץ קליין מענטשעלע, וואָס איז אַרויסגעקראָכן פון דער לילי.

קיינער איז נישט אימשטאַנד צו שילדערן די שרעק און די אַנטציקונג פון דער קליינער מאַיאַ. זי איז געזעסן ווי פאַרגלי-ווערט און נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון בילד, וואָס האָט זיך איר פאַרגעשטעלט.

דאָס קליין מענטשעלע האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן בלומען-קאַנט, אויפגעהויבן זיינע הענטלעך צום לבנה-שיין און אַריינגעקוקט מיט אַ באַגליקטן שמייכל אין דער העלער נאַכט פון דער מענטשן-ערד. דאַן האָט דאָס דורכזיכטיקע קערפּערל אַרויסגעכאַפּט אַ שטילער ציטער און פּלוצלונג האָבן זיך פון די אַקסלען פאַנאַנדערגעשפּרייט צוויי העלע פליגלען, ווייסער ווי לבנה-שיין און קלאָר ווי שניי. זיי זענען העכער געווען ווי דאָס בלאַנקע קעפּל און זיך אַראָפּגעלאָזן ביז צו די פיס. קיינ-מאָל נאָך, קיינמאָל נאָך האָט די קליינע מאַיאַ נישט געזען אין איר לעבן עפּעס אַזעלכעס שיינעס. און בעת דאָס ליכטיקע קליין מענטשעלע איז זיך אַזוי געשטאַנען מיט אויסגעשטרעקטע הענט-לעך צום הימל, האָט עס אויפגעהויבן זיין שטימע און מאַיאַ האָט פאַרשטאַנען זיין ליד, וואָס האָט געקלונגען אין דער נאַכט:

מיין היים איז די ליכט, און מיין פרייד
ווען דער הימל איז העל.
טויט און לעבן פאַרוואַנדלען זיך ביידע.
אייביק בלייבט נאָר מיין זעל.
מיין זעל איז דער אָטעם, וואָס קומט
פון יעטוועדער שיינקייט;
זי שטראַלט פון דער וועלט פון דער גאַנצער
אין געטלעכער ריינקייט.

די קליינע מאַיאַ האָט אָנגעהויבן וויינען אין דער חויך; זי האָט נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס אייגנטלעך האָט עס אָנגעיאָגט אויף איר אַזאַ טרויער און גליקזעליקייט אַזאַ גליק.

דאָ האָט זיך דאָס קליין מענטשעלע אומגעקערט צו איר:

„ווער ווייסט דאָס דאָ? האָט עס געפרעגט מיט זיין קלאָרער שטימע.

„אָך, דאָס איז נישט מער ווי איך", האָט מאַיאַ גע-שטאַמלט. „אַנטשולדיקט, וואָס כ'האָב אייך געשטערט".

„וואָס איז די סיבה פון דיין געוויין?"

„כ'ווייס נישט", האָט מאַיאַ געענטפערט, „ס'קען זיין, ווייל איר זענט אַזוי שיין. ווער זענט איר, אָ, זאָגט עס מיר, אויב ס'איז נישט צו פיל פון מיין זייט. איר זענט זיכער אַ מלאך".

„אָ ניין", האָט דאָס קליין מענטשעלע געזאָגט און גע-בליבן גאַנץ ערנסט, „כ'בין נישט מער ווי אַ בלומען-עלף. דו קענסט מיר גאַנץ רויק זאָגן דו. אָבער ווי קומסטו עפעס, קליי-נע בין, ביינאַכט אויף דער לאָנקע?"

דער עלף איז אַריבערגעפלויגן צו מאַיאַן, זיך געזעצט אויף אַן אויסגעבויגן ליליען-בלאַט, וועלכעס האָט אים לייכט געוויגט, און באַטראַכט די קליינע בין ערנסט און פריינטלעך. און די גאַנצע צייט, וואָס מאַיאַ האָט אים דערציילט אַלץ, וואָס זי האָט געוווּסט און געזאָלט און וואָס זי האָט געטאָן, האָבן אויף איר אַראָפּגעקוקט די גרויסע טונקעלע אויגן פון ווייסן עלפנגעזיכט, פון אונטער די גאָלדענע האָר, וואָס האָבן געגלאַנצט אין לבנה-שיין ווי זילבער.

בעת מאַיאַ האָט דערציילט איר לעבנס-געשיכטע, האָט זי דער בלומענעלף געגלעטן איבערן קעפל און זי דערביי אַזוי האַרציק און ליבלעך אָנגעקוקט, אַז פּאַר גליק האָט די קליינע בין געמוזט אַראָפּלאָזן די אויגן. דערנאָך האָט ער איר דערציילט:

„מיר, עלפן, לעבן זיבן נעכט, אָבער מיר מוזן בלייבן אין דער בלום, אין וועלכער מיר זענען געבאָרן געוואָרן. פאַר-לאָזן מיר אָבער די בלום, דאַן מוזן מיר שטאַרבן מיטן פרי-מאָרגנשטערן".

פאַר שרעק האָט מאַיאַ אויפגעריסן די אויגן.

„אָ, שנעלער, שנעלער, פלי צוריק אין דיין בלום!" האָט זי אויסגערופן.

דער עלף האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

„איצט איז שוין צו שפּעט", האָט ער אַרויסגערעדט, „אָבער הער ווייטער. די מערהייט עלפן פאַרלאָזן זייערע בלומען, ווייל מיט דעם איז פאַרבונדן אַ גרויס גליק. ווער עס פאַרלאָזט זיין בלום, באַקומט פאַר זיין פּריצייטיקן טויט אַ וווּנדערבאַרע מאַכט. ער קען דערפילן דעם הייסטן באַגער פון ערשטן ווזן, וועלכן ער טרעפט אָן. ווען אַן עלף האָט דעם ערנסטן ווילן צו פאַרלאָזן די בלום, כּדי אַנדערע צו באַגליקן, וואַקסן אים תּיכּף אָן פליגלען".

„אַך, ווי וווּנדערשיין", האָט מאַיאַ אויסגעשריגן, „אויך איך וואָלט אין אַזאַ פאַל פאַרלאָזן די בלום. ס'מוז זיין אויסערגעוויינלעך שיין צו דערפילן דעם הייסטן באַגער פון אַ צווייטן". די קליינע בין האָט גאָרניסט געטראַכט וועגן דעם, אַז זי איז דאָס ערשטע ווזן, וועלכעס דער עלף האָט באַגעגנט ביי זיין אַרויספלי פון דער בלום.

„און דערנאָך", האָט זי געפרעגט, „דערנאָך מוזסטו שטאַרבן?"

דער עלף האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, אָבער דאָס מאָל שוין גאָרנישט טרויעריק.

„מיר זעען נאָך דעם מאָרגנשטערן", האָט ער געזאָגט, „אָבער ווען דער טוי פאַלט אויס, דאַן ציט אונז צו די פיינע שלייערן, וועלכע שוועבן איבערן גראָז פון די לאָנקעס. האָסטו דען נישט אָפט געזען, אַז דידאָזיקע שלייערן בלאָנקען אַזוי ווייך ווי זיי וואָלטן פאַרמאָגט אין זיך ליכט? דאָס זענען די עלפן, זייערע פליגלען און זייערע קליידער. און ווען די זון שטייגט אויף, פאַרוואַנדלען מיר זיך אין טוי-טראָפּנס. די געוויקסן טרינקען אונז און נעמען אונז אויף אין זייער בליען און וואַקסן, און אין אַ צייט אַרום קומען מיר ווידער אַרויס אַלס עלפן פון זייערע בלומען-בעכערס".

„ביסטו שוין פריער געווען אַמאָל אַן אַנדער עלף?" האָט מאַיאַ געפרעגט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם פון שטוינען.

די ערנסטע אויגן האָבן עס באַשטעטיקט:

„יאָ, אָבער כ׳האָב עס פאַרגעסן. מיר פאַרגעסן גלײך אין אונזער בלומען-שלאָף״.

„אָ, דײַן גורל איז װוּנדערלעך״, האָט די קלײנע מאַיאַ אויסגערופן.

„ס׳איז דער גורל פון אַלע באַשעפעניש אויף דער ערד״, האָט דער עלף געזאָגט, „װען מ׳נעמט די זאַך אַביסל ברײטער. אמת, נישט אַלע מאָל זענען עס בלומען, און װעלכע זײ דער-װאַכן פון זײער טױט-שלאָף. אָבער װעגן דעם װעלן מיר הײַנט נישט רײדן״.

„אָ, װי גליקלעך איך בין״, האָט מאַיאַ אויסגערופן.

„האָסטו דען גאָר קײן װוּנטש נישט?״ האָט דער עלף גע-פרעגט. „װײסטו, אַז דו ביסט דאָס ערשטע װעזן, װאָס כ׳האָב אָנגעטראָפן, און אַז כ׳קען דערפילן דײַן הײסטן באַגער?״

„איך?״ האָט מאַיאַ אויסגערופן, „כ׳בין דאָך אָבער נישט מער װי אַ בין. נײן, דאָס איז צו פיל גליק פאַר מיר, כ׳האָב נישט פאַרדינט, מ׳זאָל מיר טאָן אַזױ פיל גוטס״.

„קײנער פאַרדינט נישט דאָס גוטע און שײנע״, האָט דער עלף געזאָגט, „דאָס קומט צו אונז, װי דער זונענשײַן״.

מאַיאַס האַרץ האָט שטורמיש געקלאַפּט. אָ, שוין לאַנג װי זי האָט אַ הײסן באַגער, אָבער זי האָט זיך נאָך נישט דערװעגט אים פאַרן מויל צו ברענגען. דער עלף אָבער האָט עס, אפשר, דערשפּירט, װײַל ער האָט אַזױ געשמײכלט, אַז ס׳איז קײן מעגלעכקײט נישט געװען עפּעס אויסצובאַהאַלטן פון אים.

„נו, װאָס?״ האָט ער געפרעגט און אָװעקגעשאָרט די גאָלדענע האָר פון רײנעם שטערן.

„איך װיל דערקענען די מענטשן, דאָרט װוּ זײ זענען צום שענסטן״, האָט די קלײנע בין שנעל געזאָגט מיט הײך און בעת מעשה מורא געהאַט צו הערן דעם ענטפער, אַז אַזאַ גרויסער װוּנטש קען נישט דערפילט װערן.

אָבער דער עלף האָט זיך ערנסט און רויק אויפגעהויבן און זיינע אויגן האָבן באַקומען אַ גלאַנץ פון זיכערקייט, ער האָט אָנגענומען די ציטערנדיקע האַנט פון דער קליינער מאַיאַ און געזאָגט:

„קום, מיר וועלן פליען צוזאַמען, דיין באַגער וועט דער־פילט ווערן".

# די עלפן-נסיעה

און דער בלומענעלף מיט דער קליינער מאַיאַ זענען גע-פלויגן אין דער זומערנאַכט האַרט איבער די בליענדיקע בלו-מען. ווען זיי זענען געקומען צום טייכל, האָט דאָס ווייסע שפּיגל-בילד פון עלף אַ בליץ געטאָן אין וואַסער, ווי אַ שטערן וואָלט פאַרבייגעפלויגן.

מיט וואָס פאַר אַ גרויסן גליק-געפיל האָט זיך די קליינע בין אָנגעטרויט אָט דעמדאָזיקן ליבלעכן וועזן! זי האָט גרויס חשק געהאַט צו שטעלן אַ סך וויכטיקע פראַגן, אָבער זי האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט דערצו. דער עלף וועט עס שוין איינאָרדענען ווי צום בעסטן, האָט זי געפילט מיט גרויס צוטרוי.

ווען זיי זענען באַנאַנד דורכגעפלויגן אַן אַלייע פון הוי-כע פּאַפּל-ביימער, האָט זיך איבער זיי דערהערט אַ זשומען, און אַ טונקל פלאַטערל, גרויס און שטאַרק ווי אַ פויגל, האָט זיי אי-בערגעשניטן דעם וועג. דער בלומענעלף האָט זיך געווענדט צו אים:

„וואַרט נאָר אונטער אַ רגע, כ'בעט דיר!"

מאַיאַ איז דערשטוינט געווען, ווי גערן דאָס טונקעלע פלאַטערל האָט געפאָלגט דעם רוף. זיי האָבן זיך אַראָפּגע-לאָזט אויף אַ צווייג פון הויכן פּאַפּל-בוים. לעבן זיי האָט גע-פליסטערט אין לבנה-שיין דאָס באַוועגלעכע גרינס און מ'האָט געזען העט-ווייט די שטילע, באַליכטענע נאַכט-לאַנדשאַפט. דאָס

פלאָטערל איז גראָד געזעסן קעגנאיבער מאַיאַן אינמיטן לבנה־שײַן. עס האָט לאַנגזאַם געהויבן זײַנע אויסגעשפּרייטע פליגלען און זיי מילד ווידער אַראָפּגעלאָזן, ווי עס וואָלט עמיצן וועלן קיל אָפּפאָכען. מאַיאַ האָט באַמערקט, אַז איבער זײַנע פליגלען ציען זיך ברייטע פאַסן העלער, הערלכער בלאָקייט. זײַן שוואַרצער קאָפּ איז באַדעקט געווען ווי מיט טונקעלן סאַמעט און זײַן געזיכט, אין וועלכן ס'האָבן געגליט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן, האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געטראָגן אַ משונהדיק־ געהיים־נישפולע מאַסקע. ווי וווּנדערבאַר עס זעען אויס די נאַכט־באַשעפענישן. מאַיאַן האָט דורכגענומען אַ שוידער, איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי זעט דעם אויסטערלישסטן חלום פון איר לעבן.

„איר זענט זייער שיין", האָט זי געזאָגט צום פרעמדן, „אָן שפּאַס..." זי איז געווען אין אַ פייערלעכער שטימונג.

„וועמען האָסטו דאָס מיט זיך?" האָט דאָס נאַכט־פלאַטערל געפרעגט ביים עלף.

„אַ בין איז עס", האָט געענטפערט דער עלף. „כ'האָב זי באַגעגנט, ווען כ'האָב פאַרלאָזן דעם בלומען־בעכער".

ווי ס'ווייזט אויס, האָט דאָס זומער־פייגעלע געוווּסט, וואָס מיט דעם איז פאַרבונדן, ווייל ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מאַיאַן כמעט ווי מיט קנאה — ערנסט און געדאַנקענפול.

„גליקלעכע", האָט עס דערנאָך שטיל געזאָגט צו איר.

„זענט איר אפשר טרויעריק?" האָט מאַיאַ געפרעגט מיט גרויס מיטגעפיל.

דאָס זומערפייגעלע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

„ניין, דאָס נישט", האָט עס געזאָגט פריינטלעך אונדאַנקבאַר און אַזוי ליבלעך אַ קוק געטאָן אויף מאַיאַן, אַז זי איז גלייך גרייט געווען צו שליסן מיט אים פריינדשאַפט, אָבער דערצו איז עס געווען צו גרויס.

דער בלומענעלף האָט דערווייל געפרעגט דעם פלאַטערל, צי די פלעדערמויז האָט זיך שוין געלייגט שלאָפן.

„אָ יאָ", האָט דאָס פלאַטערל געענטפערט, „שוין פון

לאנג. דו האָסט מורא פאַר דײַן באַגלייטערין ד״ האָט ער צו-געגבן.

דער עלף האָט אַ שאָקל-געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. מאַיאַ האָט געוואָלט שטאַרק וויסן, וואָס אַזוינס איז אַ פלעדערמויז, אָבער דער עלף האָט זיך, קענטיק, זייער געאײַלט. מיט אַ שיינער באַוועגונג האָט ער פאַרוואָרפן אויף צוריק זיינע שימערירנדיקע האָר „די נאַכט איז אַזוי קורץ״, האָט ער געזאָגט, קום, מאַיאַ, מיר מוזן זיך צעאײַלן״.

„זאָל איך דיך אפשר אונטערטראָגן אַ ביסל?״ האָט געפרעגט דאָס נאַכט-פלאַטערל.

דער עלף האָט געדאַנקט. „אַן אַנדערשמאָל!״ האָט ער אויסגערופן.

ס׳וועט דאָך שוין מער נישט אויסקומען, האָט ביי זיך געטראַכט די קליינע בין, ווען זיי זענען ווייטערגעפלויגן, ווייל מיטן זון-אויפגאַנג מוז דאָך דער עלף שטאַרבן.

דאָס נאַכט-פלאַטערל איז נאָך געבליבן זיצן און נאָכגעקוקט די צוויי אַוועקגעפלויגענע, ביז דער שיין פון עלפנקלייד איז געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער און ענדלעך אינגאַנצן פאַרשוווּנדן אין דער טיפקייט פון בלאָען רוים. דערנאָך האָט עס זיך לאַנגזאַם אַביסל אומגעדרייט אויף זיין בלאַט, אומגעקערט דעם קאָפּ און באַטראַכט זיינע גרויסע טונקעלע פליגלען מיט די ברייטע בלאָע פאַסן. ער האָט זיך טיף פאַרטראַכט.

כ׳האָב אַזוי פיל מאָל געהערט, האָט ער געטראַכט, אַז כ׳בין גרוי און העסלעך און אַז מיין בגד קען זיך גאָרנישט גלייכן מיט די פרעכטיקע מלבושים פון די טאָג-פלאַטערלעך. די קליינע בין האָט אָבער אין מיר געזען נאָר דאָס, וואָס שיין איז. — ווייטער האָט ער געטראַכט, צי איז ער נישט אַמאָל געווען טרויעריק, מאַיאַ האָט דאָך אים געפרעגט וועגן דעם. „ניין״, האָט ער צום סוף געזאָגט, „כ׳בין דאָס שוין נישט מער, דאָס, לכל הפחות, איז זיכער״.

דערווייל זענען מאַיאַ מיטן בלומענעלף געפלויגן דורך

געדינבטע קוסטעס פון אַ גאָרטן. דאָס איז געווען אַזאַ הערלעך בילד אין מאטן לבנה שיין, אַז אַן ערדיש מויל איז נישט בכח עס אויסצודריקן. אַ פאַרשכורנדיקער זיסער ריח פון טוי-קילקייט און דרימלענדיקע בלומען האָט אַלץ פאַרצויבערט אין דער נאַ־טור. די לילאַ הענגלען פון די אַקאַציעס האָבן געפונקלט פון פרישקייט און דער רויזן-קוסט פון חודש יוני האָט אויסגעזען ווי אַ קליינער בליענדיקער הימל פול מיט רויטע לאָמפּן. בלייך און טרויעריק האָבן געקלעטערט די ווייסע שטערנס פון זשאַס־מין, זיי האָבן פאַרשפּרייט אַ דופט, גלייך זיי וואָלטן וועלן אָט באַלד, אין דערדאָזיקער שעה נאָך, אָוועקשענקען אַלץ, וואָס זיי פאַרמאָגן. מאַיאַ איז גאָר צעטומלט געוואָרן און געדריקט די האַנט פון עלף, וואָס זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט מיט גליק.

„ווער האָט זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן", האָט די קליינע מאַיאַ געזאָגט, „נו באמת, ווער האָט דאָס געהאַלטן פאַר מעג־לעך". אָבער פּלוצלונג האָט זי דערזען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אָנגעפילט מיט טרויער איר האַרץ.

„אָ", האָט זי אויסגערופן, „זע נאָר, אַ שטערן איז אַראָפּ־געפאַלן! איצט בלאָנדזשעט ער אַרום און קען נישט אויסגעפי־נען זיין פּלאַץ אין הימל".

„דאָס איז אַ גלי-זשוק", האָט דער בלומענעלף איר ערנסט דערקלערט.

און מאַיאַ האָט איצט צום ערשטנמאָל באַגריפן, פאַרוואָס דער עלף איז איר געווען אַזוי סימפּאַטיש. ער האָט קיינמאָל נישט געלאַכט פון איר אומוויסנהייט, פאַרקערט נאָך, ער האָט געהאָלפן אירע אָרעמע געדאַנקען, ווען זיי האָבן נישט געקענט טרעפן דעם ריכטיקן וועג.

„דאָס זענען אויסטערלישע באַשעפענישן", האָט דער עלף ווייטער גערעדט. „זיי טראָגן אַרום זייער אייגן ליכט אין דער מילדער נאַכט, און באַלעבן אַזוי אַרום דעם טונקל אונטער די געוועלבן פון די קוסטעס, ווו די לבנה קען נישט אַריינדרינגען,

און זיי קענען זיך לייכט געפינען איינע די צווייטע. שפעטער וועסטו זיך מיט איינעם פון זיי באַקענען, ווען מיר וועלן קו- מען צום מענטשן".

מאַיאַ האָט געוואָלט וויסן פּאַרוואָס.

„ווייל עס גלייך זען", האָט דער בלומענעלף געזאָגט.

דערווייל זענען זיי אָנגעקומען צו אַן אַלטאַנקע, וואָס איז אינגאַנצן באַוואַקסן געווען מיט זשאַסמין און זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן האַרט צום באָדן, גאָר נאָענט צו דער אַלטאַנקע, פון וועלכער ס'האָט זיך דערטראָגן אַ שטילער פּליסטער. דער בלומענעלף האָט אַ ווונק געטאָן צו אַ גליי-זשוק. „זיי אַזוי גוט", האָט ער אים געבעטן, „לייכט צו אַ ביסל, מיר מוזן דאָ דורכקריכן דורך די טונקעלע בלעטער, כדי אַריינצודרינגען אין דער זשאַסמין-אַלטאַנקע".

„דיין שיין איז דאָך אָבער אַ סך העלער פאַר מיינעם", האָט דער גליי-זשוק געזאָגט.

„מיר דוכט זיך אויך אַזוי", האָט מאַיאַ פון איר זייט צוגעגעבן, אינדערהאמתן כדי צו פאַרבאָרגן איר צערודערטקייט.

„איך מוז מיך איינוויקלען אין אַ בלאַט", האָט דער עלף דערקלערט, „אַניט וועלן מיך די מענטשן באַמערקן און זיך איבערשרעקן. מיר, עלפן, דערשיינען צו די מענטשן בלויז אין זייערע חלומות".

„אויב אַזוי איז עפּעס אַנדערש", האָט דער גליי-זשוק געזאָגט. „אדרבה, באַדין זיך מיט מיר. כ'וועל טאָן אַלץ, וואָס איך קען. ווער מיר אָבער די גרויסע חיה, וואָס מיט דיר, נישט טאָן קיין שלעכטס?"

דער עלף האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין און דער גליי-זשוק האָט אים תיכף געגלויבט.

דער בלומענעלף האָט גענומען אַ בלאַט און זיך אַזוי גוט איינגעוויקלט אין אים, אַז זיין ווייס קלייד האָט אין קיין אָרט נישט דערכגעלויכטן. דערנאָך האָט ער אָפּגעריסן אַ קליין

בלאָ גלעקעלע, וואָס ער האָט געפונען אין גראָז, און עס אָנ-געטאָן ווי אַ העלם אויף זיינע לויכטנדיקע האָר. געבליבן אָפן איז בלויז זיין ווייס פנים, וואָס איז אַזוי קליין געווען, אַז קיינער וואָלט עס בלי ספק נישט אַנטדעקט. ער האָט געבעטן דעם גלי-זשוק ער זאָל זיך זעצן אויף זיין אַקסל און פאַר-שטעלן די שיין אויף איין זייט מיטן פליגל, כדי זי זאָל נישט בלענדן די אויגן. דערנאָך האָט ער אָנגענומען מאַיאַס האַנט און געזאָגט:

„איצט קום. צום בעסטן איז, מיר זאָלן דאָ אַדורכקלע-טערן".

די קליינע מאַיאַ האָט נאָך אַלץ געטראַכט וועגן דעם, וואָס דער עלף האָט פריער דערציילט, בעת זיי האָבן געשטיגן אינדערהויך אין די צווייגן, און זי האָט געפרעגט דעם עלף:

„ווען די מענטשן שלאָפן, חלומען זיי?"

„נישט נאָר אין שלאָף", האָט דער עלף געזאָגט, „אָפט-מאָל חלומען זיי אויך אויף דער וואָר. דעמאָלט זיצן זיי, אַביסל פאַרזונקען אין זיך, דעם קאָפּ אַביסל אַראָפּגעלאָזט און זייערע אויגן זוכן אינדערווייטנס, ווי זיי וואָלטן וועלן אַריינ-קוקן אין הימל אַריין. זייערע חלומות זענען תמיד שענער פאַרן לעבן, דעריבער באַווייזן מיר זיך צו זיי אין די חלומות".

אָבער אין דער רגע האָט דער עלף צוגעלייגט צו זיין מויל זיין קליין פינגערל, אָפּגעבויגן אין אַ זייט אַ קליינעם בליענדיקן זשאַסמין-צווייג און צוגערוקט מאַיאַן אַביסל נענטער.

„קוק אַראָפּ", האָט ער שטיל געזאָגט, „דאָרט וועסטו גע-פינען, וואָס דו האָסט באַגערט".

און די קליינע בין האָט אין לבנה-שאָטן דערזען זיצן אויף אַ באַנק צוויי מענטשן: אַ מיידל מיט אַ יינגל. זי האָט אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל און זיין אָרים האָט זי אַרומגענומען, ווי ער וואָלט זי באַשיצט פון עפּעס. זיי זענען געזעסן זייער שטיל און געקוקט מיט גרויסע אויגן אין דער

נאַכט אַריין. ס'האָט געהערשט אַזאַ שטילקייט, ווי זיי וואָלטן ביידע איינגעשלאָפן, נאָר פונדערווייטנס האָבן זיך געלאָזט הערן גרילן און די לבנה-שיין האָט לאַנגזאַם געוואַנדערט דורך די בלעטער.

די קליינע מאַיאַ האָט מיט גרויס ענטציקונג געקוקט דעם מיידל אין פנים אַריין. כאָטש ס'האָט אויסגעזען בלייך און טרויעריק, איז דאָך געווען אויסגעגאָסן אויף אים אַ גרויס גליק, ווי אַ פאַרבאָרגענע שיין. איבער די גרויסע אויגן האָבן גערוט גאָלדענע האָר, אַזעלכע ווי ביים עלף, און אויף די האָר איז געלעגן די הימלשיין פון דער זומערנאַכט. פון אירע רויטע ליפן, וועלכע זענען אַביסל געווען געעפנט, האָט גע-שטראָמט אַן אָטעם פון טרויער און גליק, ווי זי וואָלט אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט, געוואָלט אַוועקשענקען פאַרן גליק פון דעם וואָס איז געזעסן ביי איר זייט. און אָט האָט זי זיך געווענדט צו אים, צוגעצויגן צו זיך זיין קאָפּ און אים עפּעס איינגערוימט, און דאָס האָט אַרויסגעצויבערט אויף זיין פנים אַזאַ שמייכל, אַז מאַיאַ וואָלט אין איר לעבן נישט געגלויבט, דאָס אַן ערדיש וועזן זאָל קענען אַזוי שמייכלען. אין זיינע אויגן האָבן גע-שטראַלט גליק און קראַפט, אַזוי ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געהערט צו אים און פונקט ווי ליידן און נויט וואָלטן שוין געווען אויף אייביק פאַרטריבן פון איר.

מאַיאַ האָט גאָר קיין ווונטש נישט געהאַט צו וויסן, וואָס ער האָט דעם מיידל געענטפערט. איר האַרץ האָט געציטערט אַזוי, פונקט ווי דאָס גליק, וואָס האָט געשטראָמט פון מענטשן אונטער איר, וואָלט געווען איר אייגנס. „אָט האָב איך געזען דאָס הערלעכסטע", האָט זי געפליסטערט מיט אַ ציטער, „וואָס מיינע אויגן וועלן ווען-נישט-איז זען אויף דער וועלט. איצט ווייס איך, אַז די מענטשן זענען צום שענסטן, ווען זיי האָבן זיך ליב".

זי האָט נישט געשפירט, ווי לאַנג זי איז אַזוי געזעסן שטיל הינטער די בלעטער, פאַרזונקען אין באַטראַכטן די

מענטשן. ווען זי האָט זיך אומגעדרייט, איז שוין די שיין פֿון גלי-זשוק געווען פֿאַרלאָשן און דער צלף — פֿאַרשוווּנדן.

דורך דעם אַרויסגאַנג פֿון דער אַלטאַנקע ווייט איבער דער לאַנדשאַפֿט, האָט זי דערזען אַ שמאָלן, רויטן פּאַס אויפֿן האָריזאָנט.

דאָס צוועלפטע קאַפּיטל

# אַלאָיז זיבנפונקט

ווען מאַיאַ האָט אויפן צווייטן טאָג זיך אויפגעכאַפּט אין איר וואַלד-שלאָס, איז שוין די זון געשטאַנען הויך איבער די בוקן-שפּיצן. צוערשט האָט זיך איר געדוכט, אַז די גאַנצע איבערלעבונג פון דער לעצטער נאַכט איז געווען נישט מער ווי אַ שיינער חלום, אָבער גלייך האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי איז אָנגעקומען אין איר וווינונג אין קילן באַגינען, און איצט איז שוין געווען האַלבער טאָג. ניין, דאָס איז פאַרגעקומען אויף דער וואָר, זי האָט די נאַכט פאַרבראַכט מיטן עלף און געזען די מענטשן, וועלכע האָבן זיך אין לבנה-שיין געהאַלסן אין די אָרימס אין דער ושאַסמין-אַלטאַנקע.

דרויסן האָט די זון געגליט אויף די בלעטער, ס'האָט גע-ווייעט אַ וואַרעמער ווינט און זי האָט געהערט פאַרשידנאַרטיקע קולות פון אינזעקטן. אַך, וואָס האָבן געוווסט די אַנדערע, און וואָס האָט זי געוווסט! זי איז אַזוי שטאָלץ געווען מיט איר איבערלעבונג, אַז זי האָט זיך ווי אַ בליץ אַרויסגעטראָגן פון איר נעסט, — זי האָט געמיינט, אַז אַלע וועלן אָראָפּלייענען פון איר פּנים, וואָס מיט איר איז געשען.

אָבער דרויסן אין דער זון איז אַלץ געבליבן ווי גע-ווײנלעך. קיין זאַך האָט זיך נישט געענדערט און קיין זאַך האָט נישט דערמאָנט וועגן דער בלאָער נאַכט. די אינזעקטן זענען געקומען צופליען, געגריסט און אָוועקגעפלויגן, איבער

די הויכע בוינטע זומער-בלומען פון דער קעגנאיבערדיקער לאָנ-
קע איז אין שימער פון דער הייסער לופט געגאַנגען אַ גרויסע
באַוועגונג. מאַיאַ איז פּלוצלונג באַפאַלן אַ שטאַרקער טרויער. זי
האָט געפילט, אַז נישטאָ אין דער וועלט קיין איין לעבעדיק
וועזן, וואָס זאָל טיילן מיט איר איר גליק, אָדער זאָרג. זי האָט
זיך נישט געקענט אַנטשליסן אריבערצופליען צו די אַנדערע
אויף דער לאָנקע. כ'וויל זיין אין וואַלד, האָט זי געטראַכט, דער
וואַלד איז ערנסט און פייערלעך, ער פּאַסט פאַרן צושטאַנד,
אין וועלכן מיין האַרץ געפינט זיך.

דער, וואָס גייט שנעל און פאַרטראַכט דורכן וואַלד אי-
בער די אויסגעטראָטענע שטעגן, האָט קיין אַנונג נישט וויפל
סודות און וויפל וווּנדער עס ליגן פאַרבאָרגן אין דער וואַלד-
טונקלקייט. כּדי דאָס צו זען, מוז מען פאַנאַנדערנעמען די
צווייגן פון די קוסטעס, אָדער לאָזן שוועבן די בליקן דורך
די יעזשינע-צווייגן אין די הויכע גראָזן און איבער דעם גע-
דיכטן מאָך. אונטער די שאָטנדיקע בלעטער פון געוויקסן, אין
ערד-נאָרעס און בוים-היילן, צווישן פאַרפוילטער קאָרע פון צע-
געסענע פּעניעס און אין דער געקרייזלטער נעץ פון וואָרצלען,
וואָס דרייען זיך ווי שלאַנגען-קערפּערס איבער דער ערד, קומט
טאָג-ווי-נאַכט פאָר אַ סטעטיק, פילגעשטאַלטיק לעבן, פול מיט
פריידן און סכנות, מיט קאַמף, ליידן און פאַרגניגנס.

די קליינע מאַיאַ האָט אין דעם אַלעם געהאַט אַ גאַנץ
קנאַפּע ידיעה, ווען זי איז זיך געפלויגן צווישן די ברוינע
שטאַמען און גרינעם בלעטער-דאַך. אונטער זיך אין גראָז האָט
זי דערקענט אַ שמאָלע שפּור, וואָס איז אָן שום ספק געווען
אַ וועג דורך די ווילד-פאַרוואָקסענע וואַלד-שטעלן און וואַלד-
לאָנקעס. אָפטמאָל פלעגט זיך איר דוכטן, אַז די זון איז פאַר-
שוונדן הינטער וואָלקנס, אַז געדיכטע זענען געוואָרן די שאָטנס
אונטער די הויכע בוים-קרוינען און אין די געדיכטע קוסטעס;
אַמאָל ווידער פלעגט זי פליען אין לויטערן גאָלדגרינעם גלאַנץ,
איבער ברייט-בלעטערדיקע קליינע פּאַפּעראָט-וועלדער און בלי-
ענדע יעזשינע-קוסטעס.

ענדלעך — האָט דער וואַלד געעסנט זיינע באַדעקטע זיילן־טויערן און פאַר מאַיאַס בליקן האָט זיך אויסגעשפּרייט אין דער גאָלדענער זון אַ גרויס קאָרנפעלד. צווישן די זאַנגען האָבן זיך געלויכטן קאָרן־ און מאָן־בלומען. די קליינע בין האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין די צווייגן פון אַ בעריאָזע, וואָס איז געשטאַנען ביים פעלד־קאַנט, און מיט ענטציקונג האָט זי באַטראַכט דעם גאָלדענעם ים, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט פאַר איר אין פרידלעכער רו פון שטילן טאָג. דאָס פעלד האָט אין אירע אויגן אויסגעזען ווי אָן אַ סוף און זאַנפטע כוואַליעס האָבן זיך איבער אים באַוועגט; דאָס האָט געמאַכט דער שמעוודי־קער זומער־ווינט, וואָס האָט געווייעט מיט אַזאַ ליבלעכקייט, וואָס זאָל אויף קיין האָר נישט שטערן די רו פון דער שיי־נער וועלט.

אַ פּאָר קליינע ברוינע זומערפייגעלעך האָבן אונטער דער בעריאָזע איבערן קאָרן זיך געשפּילט אין „פון מאָן צו מאָן“. ביי יונגע זומער־פייגעלעך איז דאָס זייער אַ באַליבטע געזעל־שאַפט־שפּיל. יעדעס זומערפייגעלע זעצט זיך אויף אַ בלום און שפּילער מוז זיין מיט איינעם מער, וויפל בלומען עס זענען דאָ. דערדאָזיקער איבעריקער שפּילער זיצט אינמיטן קרייז און רופט. ווען עס דערהערט זיך זיין רוף, מוזן אַלע אַ פלי טאָן און זיך בייטן מיט די בלומען. ווער עס קומט צו שפּעט און געפינט נישט מער קיין בלום, מוז זיך זעצן אינמיטן קרייז און אויסרופן. דאָס איז געווען זייער אינטערעסאַנט.

מאַיאַ האָט זיך אַביסל צוגעקוקט צו דער שפּיל, וואָס האָט איר פאַרשאַפט פיל פאַרגעניגן. דאָס קען מען אויסלער־נען אויך די קליינע בינען אין בינשטאָק, האָט זי אַ טראַכט געטאָן, און מיר וועלן עס אָנרופן „פון קעמערל צו קעמערל“. אָבער קאַססאַנדראַ וועט, מסתמא, זיין צו שטרענג.

די קליינע מאַיאַ איז פּלוצלונג געוואָרן זייער טרויעריק, אין דעם איז זיכער שולדיק געווען איר דערמאָנען זיך וועגן דער היים. ווען זי האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן דעם, האָט זי דערהערט ווי עמיץ זאָגט לעבן איר:

„גוט מאָרגן. איר זענט, ווי מיר שיינט, אַ בייזע באַשע-
פעניש".

די קליינע בין האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און זיך
דאַפּטום אומגעדרייט.

„ניין", האָט זי געזאָגט, „איך פאַרזיכער אייך, אַז נישט!"

לעבן איר איז געזעסן אַ קליינער ברוינער האָלב-קויל
מיט זיבן שוואַרצע פּונקטן אויף אים. אונטער דעמדאָזיקן
רויט-ברוינעם קופּעל, וואָס האָט אגב פּרעכטיק געגלאַנצט, האָט
מען געזען אַ קליין שוואַרץ קעפּל, אין וועלכן ס'האָבן גע-
פונקלט צוויי העלע אויגעלעך, און אָט האָט מאַיאַ באַמערקט
אויך דינע פיסלעך, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט ווי פיינע פעדים
פון אונטער דעם באַשפּרענקלטן קופּעל און אים געטראָגן ווי
גוט ס'האָט זיך זיי נאָר געלאָזט. אָט דאָסדאָזיקע גראָבע
נפשל האָט זיך עס געהאַט געווענדעט צו מאַיאַן. נישט געקוקט
אויף זיין אויסטערליש געשטאַלט איז ער שטאַרק געפעלן גע-
וואָרן דער בין, ער איז פול געווען מיט חן.

„ווער זענט איר אַזוינער?" האָט זי געפרעגט, „איך אַליין
בין מאַיאַ, פון בינען-פאָלק".

„ווילט איר מיך אפשר באַליידיקן?" האָט דער קליינינ-
קער געפרעגט. „דערצו האָט איר קיין שום גרונט נישט, דאַרפט
איר געדענקען".

„אָבער וואָס פאַלט אייך עפּעס איין?" האָט די קליינע מאַיאַ
אויסגערופן מיט גרויס שרעק, „כ'ווייס באמת נישט ווער איר
זענט".

„יעדער איינער קען דאָס זאָגן", האָט געענטפערט דער
קליינער נפש. „נו גוט, כ'וועל קומען צוהילף אייער זכרון.
ציילט". און דאָס זשוקל האָט זיך גענומען לאַנגזאַם דרייען.

„זאָל איך ציילן אייערע שפּרענקעלעך?"

„געוויס, כ'בעט אייך", האָט דער זשוק געזאָגט.

„איר האָט זיבן שפּרענקעלעך", האָט מאַיאַ געענטפערט.

„נו?" האָט דער זשוק געפרעגט, „איז הייסט עס? איר
ווייסט נאָך אַלץ נישט? אויב אַזוי וועל איך אייך זאָגן. איך

הייס פונקס אזוי, וויפל ס׳לאזט זיך אנציילן. כ׳געהער צו דער
משפחה זיבן-שפרענקלעך׳ כ׳הייס אלאיז און כ׳בין א דיכטער. די
מענטשן רופן מיך אויך: גאטס קועלע אדער משה רבינוס קועלע.
אבער דאס איז שוין זייער זאך. דאס אבער מוזט איר שוין
סיי ווי וויסן״.

מאיא האט זיך נישט דערוועגט אפצולייקענען, ווייל זי
האט מורא געהאט צו ערגערן אלאיזן.

„א״, האט אלאיז אויסגערופן, „איך לעב פון זונענשיין-
רו און מענטשן-ליבע״.

„צי דען אבער עסט איר גארנישט״? האט מאיא געפרעגט,
אן א יבערראשטע.

„אודאי עס איך, בלעטער-לייז. איר עסט עס נישט די״

״ניין״, האט מאיא געזאגט, „דאס איז דאך״...

„וואס איז דאס דען? וואס?״

„דאס איז ביי אונז נישט אנגענומען״, האט מאיא גע-
זאגט נישט-דרייסט.

„נו, געוויס!״ האט אלאיז אויסגערופן און פרובירט א צי
סאן ארויף מיט איין אקסל, אבער ס׳איז אים נישט געלונגען
צוליב זיין פעסטן פאנצער. „איר, אלס קליינבירגערין, טוט פאר-
שטייט זיך נאר דאס, וואס ס׳איז אנגענומען. אבער מיר, דיכ-
טער, קענען דערמיט נישט דורכקומען. האט איר צייט די״

„געוויס״, האט מאיא געענטפערט.

„אויב אזוי וועל איך אייך פארלייענען א געדיכט. זיצט
שטיל און מאכט צו די אויגן, כדי דאס ארומיקע זאל אייך
נישט שטערן. דאס געדיכט הייסט „דער מענטשנפינגער״. ס׳איז
א פערזענלעכע איבערלעבונג און-פון מיר. איר הערט די״

„יא״, האט מאיא געזאגט, „מיט ביידע אויערן״.

„סא הערט:

## דער מענטשנפינגער

איינמאל האסטו מיך ענטדעקט,
ווען כ׳האב גרויסן גליק געהאט.

דו ביסט רונד און אויסגעשטרעקט.
אויבן האָסטו זיך באַדעקט
מיט אַ פֿאַנצער האַרט און גלאַט,
און באַוועגסט זיך פֿריי און שנעל,
אָבער אונטן — נישט צו רירן דיך פֿון שטעל!

„נו, וואָס?“ האָט אַלאָיז געפֿרעגט נאָך אַ קורצן שטיל-שווייגן. אין די אויגן זענען אים געשטאַנען טרערן און זיין שטים האָט געציטערט.

„דער מענטשנפֿינגער האָט מיך שטאַרק גערירט“, האָט געזאָגט מאַיאַ, וואָס האָט זיך אַביסל געפֿילט אומבאַקוועם. אינדערזאמתן האָט זי געקענט שענערע לידער.

„וואָס זאָגט איר צו דער פֿאָרם?“ האָט אַלאָיז געפֿרעגט און טרויעריק געשמייכלט. ער איז אינגאַנצן געווען אונטערן איינדרוק, וועלכן זיין געדיכט האָט אַרויסגערופֿן.

„רונד און אויסגעשטרעקט“, האָט מאַיאַ געענטפֿערט. „איר האָט עס דאָך אַליין געזאָגט אין אייער ליד“.

„כ'מיין די קינסטלערישע פֿאָרם, כ'מיין די פֿאָרם פֿון מיין ליד“.

„אַ“, האָט מאַיאַ געזאָגט, „דאָס מיינט איר, יאָ, כ'געפֿין, אַז זי איז זייער שיין“.

„וואָס ניין?“ האָט אַלאָיז אויסגערופֿן. „איר ווילט זאָגן, אַז דאָס־אָזיקע ליד קען פֿאַררעכנט ווערן צו די בעסטע, וועלכע איר קענט, אַז מ'מוז ווייט-ווייט זוכן, ביז מ'זאָל געפֿינען עפּעס ענלעכס. קונסט מוז קודם כּל ברענגען מיט זיך גייס, אָט דעם עיקר באַגרייפֿן נישט ס'רוב דיכטער. היינט דער פֿאַרנעם, וואָס נישט?“

„אודאי“, האָט מאַיאַ געזאָגט, „איך האַלט...“

„פֿון אייער פּנים-פֿעסטן גלויבן אין מיין ווערט, וועלכן איר האָט אויסגעדריקט“, האָט אַלאָיז געזאָגט, „בין איך פֿאַרשעמט. כ'דאַנק אייך. כ'מוז שוין אָבער אַוועקגיין, ווייל די איינזאַמקייט איז דער בעסטער אוצר פֿון קינסטלער. זייט מיר געזונט“.

„אדיע", האָט געזאָגט מאַיאַ, וועלכע האָט נישט גאָר גוט פאַרשטאַנען, וואָס דער קליינער זשוק האָט געוואָלט פון איר. נישט קיין בייז, האָט זי געטראַכט, ער אַליין ווייס עס שוין וויסן. צו גרויס איז ער נישט, אָבער אפשר וועט ער נאָך וואַקסן. זי האָט אים נאָכגעקוקט, ווי ער האָט מיט פלייס אַרויפגעקלעטערט אויפן צווייג. מ'האָט קוים געקענט אונטער־שיידן זיינע קליינינקע פיסעלעך איינס פון צווייטן, און ס'האָט דעריבער אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך געקייקלט אויף קליינע רעדעלעך.

דאַן האָט מאַיאַ ווידער אַראָפגעקוקט אויפן גאָלדענעם קאָרנפעלד, איבער וועלכן די זומער-פייגעלעך האָבן זיך גע־שפילט. דאָס האָט ביי איר אַ סך מער אויסגענומען, ווי דאָס ווערק פון אַלאָיז זיבנשפרענקל.

# דער רויבער-שלאָס.

אָך, ווי פריילעך דערדאָזיקער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן און ווי שרעקלעך ער האָט זיך געענדיקט. אָבער פאַר דעם, נאָכמיטאָקצייט, האָט נאָך מאַיאַ באַוויזן צו שליסן זייער אַ מערקווירדיקע באַקאַנטשאַפט, נישט ווייט פון אַ גרויסער אַל-טער וואַסער-פאַס. זי איז געזעסן צווישן דופטנדיקן בעז, וואָס האָט זיך געשפּיגלט אין שטילן, שוואַרצן וואַסער-פלאַך פון דער פאַס. איבער איר האָט אַ רויטהעלזל אַזוי ליבלעך און פריידיק געזונגען, אַז די קליינע מאַיאַ איז געווען פאַרצווייפלט, וואָס זי קען נישט שליסן קיין קאַנטשאַפט מיט די פויגלען. די סיבה איז — זיי זענען צו גרויס און פרעסן אַלעמען אויף. זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין ווייסן בליעכץ-שירעמל פון בעז און זיך צוגעהערט צום געזאַנג, דערביי האָט זי געבלינצלט מיט די אויגן אַזוי, אַז די זונענשיין האָט איר געשיקט שפּיציקע פיילן. פּלוצלונג הערט זי ווי עמיץ זיפצט לעבן איר. אויסגעדרייט דעם קאָפּ, האָט זי דערזען די אויסטערלישסטע באַשעפעניש, וואָס זי האָט ווען-נישט-איז געטראָפן. ביים ערשטן בליק האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי האָט מינדעסטנס צו הונדערט פיס אויף יעדער זייט. זי איז געווען דריימאָל אַזוי לאַנג ווי מאַיאַ, אָבער שמאָל און נידעריק און אָן פליגלען.

„גאָט, באַשירעם!" האָט מאַיאַ אויסגערופן שטאַרק איבער-געשראָקן, „איר מוזט עס אַביסל קענען לויפן!"

די פרעמדע האָט זי אָנגעקוקט פאַרטראַכטערהייד.

„כ'צווייפל אין דעם", האָט זי געענטפערט, „ס'וואָלט נישט געשאַדט אַ ביסל בעסער. כ'האָב צופיל פיס. פאַרשטייט איר מיר, ביז מ'ריהרט ווי אַלע פון אָרט, נעמט צו פיל צייט. ס'זענען געווען צייטן, ווען כ'האָב דאָס נישט געוווסט, און מיין באַגער איז אַפט געווען כ'זאָל האָבן נאָך אַ פּאָר פיס. אָבער מילא, ווי גאָט ויעט שוין געבן. און איר ווער זענט?"

מאַיאַ האָט זיך פאָרגעשטעלט.

די צווייטע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און באַ-וועגט עטלעכע פיס.

„איך בין היעראָנימוס", האָט ער אַרויסגערעדט, „פון דער משפּחה טויזנטפיסלער. מיר שטאַמען פון אַלטן יחוס און רופן אומעטום אַרויס באַוווּנדערונג. נישטאָ קיין איין באַשעפעניש, וואָס זאָל האָבן אויפצוווייזן אַן עגלעכע צאָל פיס. אויף וויפל איך ווייס, איז אַכט די גרעסטע צאָל ביי זיי".

„איר זענט אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט", האָט די קליינע מאַיאַ געזאָגט, „און אייער פאַרב איז זייער אָריגינעל. האָט איר משפּחה?"

„אַן איינפאַל אַביסל! ווי אַזוי קענען מיר דאָס?" האָט דער טויזנטפיסלער געפרעגט. „וואָס פאַר אַ נוצן קען דאָס האָבן? מיר קריכן אַרויס פון איי און דערמיט ענדיקט זיך עס. אויב מיר זאָלן נאָך נישט קענען שטיין אויף די אייגענע פיס, טאָ ווער דען זשע?"

„דאָס איז ריכטיק", האָט מאַיאַ איינגעפונען, „אָבער צי הז'ט איר גאָר קיין פאַרבינדונגען נישט?"

„ניין, מיין ליבע. כ'דערנער זיך און כ'צווייפל".

„אָך, אין וואָס צווייפלט איר דאָס?"

„דאָס ליגט מיר אין בלוט", האָט געענטפערט דער פרעמ-דער, „כ'מוז תמיד צווייפלען".

מ.יאַ האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע, דערשטוינטע

אויגן. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל זאָגן דערמיט און גלייכצייטיק האָט זי נישט געוואָלט אַריינקריכן אומגעבעטן אין זיינע פריוואַטע ענינים.

„כ׳צווייפל שטאַרק", האָט נאָך אַ קורצן שטילשווייגן גע־זאָגט היעראָנימוס, „צי איר האָט אויסגעזוכט אַ פּאַסיק אָרט אויף אָפּצורוען זיך. צי דען ווייסט איר נישט, וואָס עס גע־פינט זיך אַקעגנאיבער אין דער גרויסער ווערבע?"

„ניין".

„זעט איר, כ׳האָב גלייך געצווייפלט, צי איר ווייסט עס. דאָרט געפינט זיך די שטאָט פון די האָרן־בינען".

מאַיאַ איז שיִר נישט אַרויסגעפאַלן פון דעם בליעכל־שירעמל, אַזוי שטאַרק האָט זי זיך דערשראָקן. זי איז געוואָרן טויט־בלאַס און מיט אַ ציטער געפרעגט, ווו די שטאָט געפינט זיך.

„זעט איר דאָרט דעם אַלטן שטאָר־קאַסטן, אין די קוסטעס לעבן דעם ווערבע־שטאַם? ער איז אַזוי אומגעלומפּערט אַוועק־געשטעלט, אַז כ׳האָב גלייך געצווייפלט, צי שטאָרן האָבן אים כאָטש איינמאָל באַנוצט אַלס נעסט. ווען אַ קאַסטן שטייט נישט מיט דער עפענונג צום זון־אויפגאַנג, ווערט זיך יעדער אָנשטענ־דיקער פויגל גוט מיישב זיין, איידער ער וועט זיך אַריינקלייבן אין אים. האָבן דאָרט די האָרן־בינען איינגעאָרדנט זייער שטאָט און זי באַפעסטיקט. דאָס איז די גרעסטע האָרן־בין־שטאָט אין גאַנצן לאַנד. דאָס האָט איר אייגנטלעך געדאַרפט וויסן, ווייל אויף וויפל כ׳האָב געקענט באַאָבאַכטן, פאַרפאָלגן דידאָזיקע רויבער אייער בינען־מין".

מאַיאַ האָט זיך קוים איינגעהערט צום טויזנטפיסלערס רייד. זי האָט געענוי אויסגעטיילט די ברוינע שטאָט־ווענט אין דעם גרינס און ס׳האָט איר פאַרפעלט אָטעם.

„כ׳מוז אַנטלויפן", האָט זי אויסגערופן, „און טאַקע וואָס שנעלער".

אָבער הינטער איר האָט זיך פלוצלונג דערהערט אַ חוי־כער, בייזער געלעכטער און גלייך נאָכדעם האָט עמיץ אַזוי ענערגיש אָנגעכאַפּט די קליינע מאַיאַ ביים קאַרק, אַז איר האָט

זיך אויסגעדריקט, ער איז שוין איבערגעבראָכן. איר גאַנץ לעבן האָט זי נישט געקאָנט פאַרגעסן דאָסדאָזיקע געלעכטער. ס'האָט געקלונגען ווי אַ חוזק-געלעכטער אין דער פינסטערניש און אַ אימהדיקער קלאַנג פון אַ פאַנצער האָט זיך אַריינגעמישט אין אים.

היעראָנימוס האָט גלייך אָפּגעלאָזן אַלע זיינע פיס און אַראָפּגעפאַלן דורך די צווייגן אין וואַסער-פאַס אַריין!

„כ'צווייפל זייער, צי אייך גייט גוט", האָט ער אויסגערופן, אָבער די קליינע אומגליקלעכע בין האָט עס שוין מער נישט געהערט.

צוערשט האָט זי זיך קוים געקענט אומדרייען, אַזוי פעסט האָט מען זי געהאַלטן. זי האָט געזען אַ גאָלד-געפּאַנצערטן אָרעם און דערנאָך איבער זיך אַן אומגעהויערן קאָפּ מיט מוראדיקע צוואַנגען. צוערשט האָט זי געמיינט, אַז דאָס איז אַ ריזיק גרויסע וועספּ, אָבער דערנאָך האָט זי דערקענט, אַז זי געפינט זיך אין די צוואַנגען פון אַ האָרן-בין. די שוואַרץ-געלע פאַרזעעניש איז געווען פירמאַל אַזוי גרויס ווי זי.

ענדלעך האָט זי באַקומען צוריק איר שטימע און זי האָט מיט אַלע כחות אַ געשריי געטאָן נאָך הילף.

„באַמי זיך נישט, מיין טייערע", האָט די האָרן-בין געזאָגט מיט גרויס פריינטלעכקייט און בייז געשמייכלט צו מאַיאַן. „ס'וועט געדויערן בלויז אַזוי לאַנג, ביז ס'וועט זיין נאָך אַלעמען".

„לאָזט מיך אָפּ", האָט מאַיאַ אויסגעשריגן, „אַנישט שטעך איך אייך דורך דאָס האַרץ".

„גלייך אין האַרצן אַריין?" האָט זיך דער רויבער צעלאַכט, „דאָס איז זייער מוטיק. אָבער ס'איז זיך נישטאָ וואָס צו איילן דערמיט, מיין קליינינקע".

מאַיאַן האָט אָנגעכאַפּט אַ ווילדער צאָרן. זי האָט צענויפגענומען אירע גאַנצע כחות און זיך אומגעדרייט, אַרויסגעלאָזן איר קלאָרן, הויכן קאַמף-געשריי און אָנגעשטעלט איר גיפטל אויפן רעכטן מיטן ברוסט פון דער האָרן-בין. אָבער דאָ איז

געשען אַ שווידערלעכער וווּנדער: איר גיפטל האָט זיך אויסגע-
בויגן, נישט אַריינדרינגענדיק אין דער ברוסט. עס איז אָפּגע-
שפּרונגען פון רויבערס פּאַנצער.

די אויגן פון דער האָרן-בין האָבן געפינקלט פון צאָרן.

„כ'וואָלט דיר איצט געקענט אָפּבייסן דעם קאָפּ, דו קליי-
נע, כדי דיך צו באַשטראָפן פאַר דיין אומפאַרשעמטקייט", האָט
זי מיט צאָרן געזאָגט, „און כ'וואָלט עס טאָקע געטאָן, ווען די
מלכּה וואָלט נישט ליבער געהאַט פרישע בינען, איידער
טויטע. אַזאַ פעטן ביסן, ווי דו ביסט, ברענגט מען דער
מלכּה, אויב מ'איז נאָר אַ גוטער זעלנער".

און זי האָט זיך אויפגעהויבן אין דער לופט מיט מאַ-
יאָן אין דער ריכטונג צו דער רויבער-שטאָט.

„ניין, האָט די אומגליקלעכע בין געטראַכט, דאָס איז
צו פיל, דאָס קען שוין קיינער נישט אויסהאַלטן". און זי איז
געפאַלן אַין חלשות.



ווען מאַיאַ איז נאָך אַ לענגערער צייט געקומען צו זיך,
איז אַרום איר געווען הייס און טונקל, און די לופט איז פול
געווען מיט אַ שאַרפן דורכנעמענדיקן — גערוך, וואָס איז איר
פאָרגעקומען שרעקלעכער פון אַלץ, וואָס זי האָט געקענט. לאַנג-
זאַם האָט זי צענויפגענומען די געדאַנקען און אַ פאַרגליווערט-
דיקע טרויעריקייט האָט אָנגעפילט איר האַרץ. זי האָט געוואָלט
וויינען און נישט געקענט.

„מ'האָט מיך נאָך נישט אויפגעפרעסן", האָט זי געזאָגט
אַ פאַרציטערטע, „אָבער ס'קען געשען יעדן אויגנבליק".

דורך די ווענט פון איר תפיסה האָט זי דייטלעך גע-
הערט שטימען. איצט האָט זי אויך באַמערקט, אַז דורך אַ
שמאָלער שפּאַלט קומט אַריין אַ ביסל ליכט. די האָרן-בינען
בויען נישט די ווענט, ווי די האָניק-בינען, פון וואַקס, נאָר
פון אַ טרוקענער מאַסע, וואָס זעט אויס ווי שיטערע גראָע
פאַפּיר. אין שמאָלן ליכט-פאַס, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין

איר הפיסה, האָט זי ביסלעכווייז אויך געקענט באַטראַכטן איר אויסגעבויג און זי איז כמעט געלייגט געוואָרן פון שרעק: אַרום און אַרום זענען געלעגן טויטע. פונקט אונטער אירע פיס איז אַ קליינער רויזן-זשוק געלעגן אויפן רוקן און אַביסל ווייטער אין אַ זייט האָט זי דערקענט דעם סקעלעט פון אַ גרויסן לויף-זשוק, איבערגעבראָכן אויף דער העלפט, און אומעטום האָבן זיך געוואַלגערט פליגלען און פאַנצער-דעקלעך פון דערמאָרדעטע בינען.

„ווייגעשריגן, וואָס מיך האָט געטראָפן", האָט די קליינע מאַיאַ ביטער געיאָמערט. זי האָט זיך מער נישט דערוועגט קיין ריר צו טאָן, און פאַרגליווערט פון גרויס פחד האָט זי זיך צעגויפגעפּרעסט אין ווייטסטן ווינקל פון מוראדיקן צימערל.

דאָ האָט זי ווידער פאַרנומען דורך דער וואַנט דייטלעכע שטימען פון די האָרן-בינען, און געטריבן פון טויט-שרעק איז זי צוגעקראָכן צום קליינעם שפּאַלט און אַרויסגעקוקט דורך אים.

— זי האָט דערזען אַ גרויסן זאַל, וואָס איז אָנגעפּראָפּט געווען מיט האָרן-בינען און וואָס איז פּרעכטיק באַלויכטן געווען דורך אַ גרויסער צאָל געפאַנגענע גלי-זשוקלעך. אויף אַ טראָן צווישן אירע אונטערטעניקע איז געזעסן די מלכה. ס׳איז, אַפּנים, פאָרגעקומען אַ וויכטיקע באַראַטונג, און מאַיאַ האָט פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט.

ווען דידאָזיקע שימערירנדיקע פּאַרזענישן וואָלטן נישט אָנגעוואָרפן אויף מאַיאַן אַזאַ אומבאַשרייבלעכע אימה, וואָלט זי זיכער ענטציקט געווען פון זייער קראַפט און שיינקייט. צום ערשטן מאָל האָט זי איצט געזען, ווי די רויבער זעען-אויס. מיט שטוינען און שרעק האָט זי געקוקט אויפן גלאַנץ פון די גאָלדענע פּאַנצערס, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן קערפּער ביז אונטן און זענען באַצירט געווען מיט הערלעכע שוואַרצע פּאַסן, אין דער איינדרוק, וואָס זיי האָבן געמאַכט, האָט געקענט פאַרגליכן ווערן מיטן איינדרוק פון אַ קינד, וועלכער זעט צום ערשטן מאָל אַ טיגער.

אַ שומר איז אַרומגעגאַנגען אַרום די ווענט פון זאַל און אויפגעפּאָדערט די גלי־ושוקלעך צו לייכטן וואָס שטאַרקער. ער האָט זיי אויפגעפּאָדערט שטיל און דראָענדיק, כּדי נישט צו שטערן די באַראַטונג, זיי געשטויסן מיט אַ לאַנגן שטעקן און יעדעסמאָל אַרויסגעשיפּעט:

„לויכט, אַנישט פּרעס איך דיך אויף!"

דאָס, וואָס מאַיאַ האָט געזען אין דער האָרן־בין־שטאַט, איז באמת געווען שרעקלעך.

פלוצלונג האָט זי דערהערט ווי די האָרן־בין־מלכּה זאָגט:

„אויב אַזוי בלייבט ווי מיר האָבן אָפּגערעדט: מאָרגן, אַ שעה פאַר זונאויפגאַנג, פאַרזאַמלען זיך די זעלנער. די בינען־שטאָט אין שלאָס־פּאַרק ווערט באַפאַלן ווערן. דער בינשטאָק ווערט אויסגערויבט ווערן און דערביי וועלן מיר נעמען וואָס מער געפאַנגענע. ווער ס'וועט נעמען אין געפאַנגענשאַפט העלענע די אַכטע, די בינען־מלכּה, און זי איבערגעבן אין מיינע הענט אַ לעבעדיקע, וועט דערהויבן ווערן צום אַדל־ריטער־שטאַנד. זייט העלדיש און ברענגט צופירן אַ רייכן רויב. און איצט שליס איך די פאַרזאַמלונג. גייט שלאָפן!"

נאָך דידאָזיקע ווערטער האָט זי זיך אויפגעהויבן און אין דער באַגלייטונג פון איר סוויטע פאַרלאָזן דעם זאַל.

די קליינע מאַיאַ האָט שיר זיך נישט צעיאָמערט אויפן קול.

„מיין פאָלק", האָט זי געשלוכצט, „מיין היים!" זי האָט געביסן אירע הענט, כּדי נישט צו שרייען, איר פאַרצווייפלונג האָט נישט געוווּסט קיין גרעניצן. „אַך, וואָלט איך שוין בעסער געווען געשטאָרבן, איידער דאָס צו הערן", האָט זי געיאָמערט. „קיינער וועט מיין פאָלק נישט וואָרענען. זיי וועלן אין שלאָף באַפאַלן און פאַרטיליקט ווערן. אָ, מיין ליבער גאָט, טו אַ נס, העלף מיר, העלף מיר און מיין פאָלק אין אונזער נויט".

אין זאַל האָט מען אויסגעלאָשן און אויפגעפרעסן די גלי־ושוקלעך. אין דער שטאָט איז לאַנגזאַם שטיל־געוואָרן. ווען מאַיאַן האָט, אפנים, קיינער מער נישט געטראַכט.

לאַנגזאַם איז אין איך תפיסה אַריינגעדרונגען אַ שטאַרקע פאַרנאַכט-ליכט און איך האָב זיך געדאַכט, ווי אין דרויסן האַלט געקלונגען דאָס נאַכט-ליד פון די גרילן. קיין איין זאַך איז נאָך דער בין נישט פאַרגעקומען אַזוי שרעקלעך, ווי דער דאַזיקער קעלער מיט זיינע סקעלעטן.

## מאַיאַ אַנטלויפט פון תפיסה

אָבער די פאַרצווייפלונג פון דער קליינער בין איז גאָר גיך פאַרשוואונדן און מאַיאַ האָט אָנגענומען אַ פעסטן פּלאַן. זי האָט זיך, אָפּנים, דערמאָנט, אַז זי איז אַ בין. איך זיך דאָ און וויין און קלאָג, האָט זי פלוצלונג אַ טראַכט געטאָן, ריכטיק ווי כ'וואָלט נישט געהאַט קיין שכל און קיין קראַפט. כ'טו אָן מיין באַדראָטן פאָלק און מיין מלכה גאַנץ ווייניק כבוד. שטאַרבן מוז איך דאָך סיי ווי סיי, וועל איך עס כאָטש טאָן מוטיק און שטאָלץ און אויספּרוּוון אַלע מיטלען אויף צו ראַטעווען מיינע שוועסטער.

זי האָט ווי פאַרגעסן די לאַנגע צייט וואָס זי איז געווען צעשיידט פון אירע שוועסטער און פון איר היים, זי האָט זיך געפילט פאַרבונדן מיט זיי נאָך מער ווי פריער, און די גרויסע עבֿריות, וועלכע איז פלוצלונג אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף איר, — ווייל זי האָט געוווּסט וועגן פּלאַן פון די האָרן-בינען, — האָט איר איינגעגעבן גרויס אַנטשלאָסנקייט און אַ סך מוט.

אויב מיין פאָלק איז באַשערט באַזיגט צו ווערן און שטאַרבן, וויל איך עס אויך, האָט זי געטראַכט, אָבער פריער וויל איך אויספּרוּבירן אַלע מיטלען, אויף צו ראַטעווען זיי.

„מיין מלכה זאָל לעבן!“ האָט זי אויסגעשריגן.

„רויק זאָל זיין!“ האָט אָפּגעקלונגען דרויסן אַ האַרטע שטים.

אָ, דאָס איז געווען אַ מוראדיקע שטים. דאָס איז, מסתמא, געווען דער שומר, וועלכער איז אַרומגעגאַנגען אַרום דער שטאָט. ס׳איז שוין, מסתמא, פון לאַנג געווען נאַכט.

ווען די טריט האָבן זיך דרויסן דערווייטערט, האָט מאַיאַ תיכף אָנגעהויבן צו פאַרברייטערן דעם שפּאַלט, וואָס האָט געפירט אין זאַל. ס׳איז איר נישט שווער אָנגעקומען צו צעבייסן די צעפוילטע וואַנט, כאָטש ס׳האָט גענומען אַ סך צייט ביז די עפנונג איז געוואָרן גענוג גרויס. ענדלעך האָט זי זיך געקענט אַדורכשטופּן. זי האָט עס געטאָן פאָרזיכטיק און מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרצן, זי האָט געוווּסט, אַז אויב מ׳וועט זי פּאַקן, וועט זי באַצאָלן דערפאַר מיטן לעבן. פון די אומבאַקאַנטע שטאָט-טיפעניסן האָט זיך געהערט אַ שטאַרקער כראָפּען.

דער זאַל איז פול געווען מיט מאַטן בלאָעם ליכט, וואָס איז אַריינגעדרונגען פון אַריינגאַנג. מאַיאַ האָט געוווּסט, אַז דאָס איז לבנה-שיין און זיך פאָרזיכטיק גענומען רוקן אַהין, דערביי האָט זי זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן אין טיפן שאָטן נעבן די ווענט. פון זאַל האָט אַ שמאָלער, הויכער קאָרידאָר געפירט צום אַרויסגאַנג; פון דאָרט איז געקומען דאָס הימל-ליכט פון דער נאַכט. מאַיאַ האָט טיף אָפּגעזיפצט. גאַנץ ווייט, אין טיפער ווייטקייט, האָט זי געזען פינקלען אַ שטערן אין הימל. אַך, די פרייהייט, האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

דער קאָרידאָר איז געווען העל באַלויכטן. שטיל, אַ טריט נאָך אַ טריט, האָט זי זיך געגנבעט פאָרויס, די טיר איז אַלץ נענטער געוואָרן. ווען כ׳זאָל איצט אַ פלי טאָן, האָט זי אַ טראַכט געטאָן, וועל איך זיין אין דרויסן. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט אין איר ברוסט, ווי עס זאָל זי וועלן צערייסן.

פּלוצלונג האָט זי אין שאָטן פון טיר דערזען אַ שומר, אָנגעשפּאַרט אין אַ זייל.

זי איז געבליבן שטיין ווי אַ צוגעשמידטע, איר לעצט ביסל האָפנונג איז אויסגערונען. דאָרט איז נישט מעגלעך געווען אַדורכצוגיין. וואָס זאָל זי טאָן? דאָס בעסטע וואָלט גע-

װען זיך אומצוקערן, האָט זי אַ קלער געטאָן, אָבער די געשטאַלט פון ריז ביי דער טיר האָט זי נישט אָפּגעלאָזן. ס׳האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אַריינגעקוקט, פאַרזונקען אין מחשבות, אין דער נאַכט-לאַנדשאַפט. ער האָט אָנגעשפאַרט זיין קינבאַק אין אַ האַנט, און זיין קאָפּ איז אַביסל געווען אַראָפּגעזונקען. ווי דער גאָלדענער פינגער האָט דאָס געגלאַנצט אין לבנה-שיין! אין זיין האַלטונג איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט גערירט די קליינע מאַיאַ. ער זעט אויס אַזוי טרויעריק, האָט זי געקלערט, ער איז אַזוי שיין, זיין האַלטונג איז אַזוי איידל און זיין באַוואָפנונג פינקלט אַזוי שטאָלץ! טאָג ווי נאַכט טוט ער זי נישט אויס, ער איז תמיד גרייט צו רויבן, צו קעמפן און צו שטאַרבן...

די קליינע מאַיאַ האָט לגמרי פאַרגעסן, אַז זי געפינט זיך פאַר איר שונא. אַך, ווי אָפט איז שוין פאַרגעקומען, אַז איר האַרץ און זיין פרייען זיך מיט דאָס שיינע, האָבן זי געמאַכט פאַרגעסן אַלע סכנות.

פּלוצלונג האָט אַ גאָלדענער בליץ אַ צוק געטאָן פון רויבערס העלם, ער האָט, מסתמא, אומגעדרייט דעם קאָפּ.

„גרויסער גאָט", האָט די קליינע מאַיאַ אַרויסגעשעפּטשעט, „איצט קומט מיין סוף".

אָבער דער שומר האָט גאַנץ רויק געזאָגט:

„קום אַהער נענטער, דו קליינע". —

„וואָס?" האָט מאַיאַ אויסגערופן, „איר האָט מיך געזען?"

„געוויס, מיין קינד, שוין פון לאַנג. דו האָסט אויסגעביסן אַ לאָך אין וואַנט, און כסדר אין שאָטן ביסטו דערקראָכן ביז אַהער. דערנאָך האָסטו מיך דערזען און דיין מוט איז פאַרשוונדן געוואָרן. וואָס, אפשר נישט?"

„יאָ", האָט מאַיאַ געזאָגט, „ס׳איז ריכטיק". פון גרויס פחד האָט זי געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער. די גאַנצע צייט, הייסט עס, האָט זי דער שומר געהאַט אויפן אויג. זי האָט זיך איצט דערמאָנט, אַז עמיץ האָט איר שוין אַמאָל דערציילט,

ווי שאַרף עס זענען די חושים פון דידאָזיקע קלוגע רויבערס.

„וואָס דאַרפסטו דאָ האָבן?“ האָט גוטמוטיק געפרעגט דער וועכטער. מאַיאַ האָט נאָך אַלץ געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער האָט אַ טרויעריקן אויסזען, ער האָט, אַפנים, געטראַכט וועגן גאַנץ אַנדערע זאַכן, דאָס אַלץ איז פאַר אים גאָר נישט געווען אַזוי וויכטיק ווי פאַר איר.

„כ'וויל אַרויס פון דאַנען“, האָט זי געענטפערט. „כ'האָב גאָר נישט פאַרלאָרן דעם מוט, כ'האָב זיך נאָר איבערגעשראָקן פון אייער קראַפט און שיינקייט און פון דעם גאָלדענעם גלאַנץ פון אייער באַוואָפנונג. איצט וועל איך מיט אייך קעמפן“.

דער שומר האָט זיך דערשטוינט אַביסל צוגעבויגן צו מאַיאַן, זי אָנגעקוקט און געשמייכלט. דערדאָזיקער שמייכל איז גאָרנישט געווען בייז, די קליינע בין האָט דערביי געהאַט אַ געפיל, ווי גלײַבן זי האָט נאָך קיינמאָל אין לעבן נישט איבער־געלעבט. זי האָט זיך געשפּירט אַזוי, ווי דערדאָזיקער שמייכל פון יונגן זעלנער וואָלט געהאַט אַ געהיימע מאַכט איבער איר האַרץ.

„מיין ליבינקע“, האָט ער געזאָגט פנומס האַרציק, „ניין, קעמפן וועלן מיר נישט. איר זענט אַ מעכטיק פאָלק, אָבער מיר זענען שטאַרקער. אַן איינצלנע האָרן-בין זאָל קעמפן מיט אַן איינצלנער האָניק-בין, — דאָס איז שוין גאָר אַ ווילדע זאַך. — אויב דו האָסט חשק, קענסטו דאָ פאַרבלייבן אַביסל און פלוידערן מיט מיר. אָבער נישט אויף לאַנג, ווייל באַלד וועל איך אויפוועקן די זעלנער און דאַן מוזטו צוריק־גיין אין דיין קאַמער“.

מאָדנע, דידאָזיקע זעלבסטזיכערע פריינטלעכקייט פון דער האָרן-בין האָט מאַיאַן גיכער אַנטוואָפנט, ווי דאָס וואָלטן געטאָן צאָרן אָדער האַס. דאָס, וואָס זי האָט געשפּירט, איז כמעט געווען ווי באַוווּנדערונג. זי האָט געקוקט אויף איר שונא מיט גרויסע טרויעריקע אויגן, און ווייל זי האָט תמיד געמוזט פאָלגן דעם רוף פון איר האַרצן, האָט זי געזאָגט:

„כ'האָב וועגן די האָרן-בינען תמיד געהערט רק שלעכטס,

אָבער איר זענט נישט קיין שלעכטער. כ'קען נישט גלויבן, אַז איר זענט אַ שלעכטער".
דער זעלנער האָט רויק געקוקט אויף מאַיאַן:
„אומעטום זענען דאָ שלעכטע און גוטע", האָט ער ערנסט געזאָגט. „אָבער מיר זענען אייערע שונאים, דאָס דאַרפסטו נישט פאַרגעסן. דאָס וועט תּמיד אַזוי זיין".
„צי דען מוז אַ שונא תּמיד זיין שלעכט?" האָט מאַיאַ געפרעגט. „ווען איר האָט פריער אַביסל אַרויסגעקוקט אין דער נאַכט אַריין, האָב איך געמוזט פאַרגעסן, אַז איר זענט שטרענג און איר זענט מיין שונא. מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט טרויעריק, און איך האָב תּמיד געהאַלטן, אַז טרויעריקע קענען נישט זיין שלעכט".
און אַזוי ווי דער שומר האָט שטילגעשוויגן, האָט מאַיאַ ווייטער גערעדט מיט אַ סך מער מוט:
„איר זענט מעכטיק. איר זאָלט וועלן, קענט איר מיך ווידער פאַרשפאַרן אין מיין קאַמער, און כ'וועל מוזן שטאַרבן, אָבער אויב איר זאָלט וועלן, קענט איר מיר אויך שענקען מיין פרייהייט".
דאָ האָט זיך דער זעלנער אויסגעגלייכט. זיין פאַנצער האָט אַ קלונג-געטאָן און זיין אויפגעהויבענער אָרעם האָט געפינקלט אין לבנה-שיין, וואָס איז בלאַס געלעגן אויפן טויער. איז שוין געקומען דער פרימאָרגן?
„דו ביסט גערעכט", האָט ער געזאָגט, „כ'באַזיץ דידאַזיקע מאַכט. דידאָזיקע מאַכט איז מיר אָנגעטרויט געוואָרן דורך מיין פאָלק און מיין מלכּה. דער באַפעל זאָגט, אַז קיין איינציקער בין טאָר נישט פאַרלאָזן קיין לעבעדיקע די שטאָט, אין וועלכער זי איז אַמאָל אַריינגעקומען. כ'וועל בלייבן טריי מיין פאָלק". און נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן האָט ער צוגעגעבן לאַנגזאַם, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין: „זינט שנוק האָט מיך פאַרלאָזן, ווייס איך גוט, ווי ווייטאָקדיק עס קען זיין אומטרייקייט..."
די קליינע מאַיאַ איז געשטאַנען אַ דערשיטערטע און

נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. אָך, אויך זי איז געפירט געוואָרן פון זעלבן געפיל, פון ליבע צו אירע שוועסטער, פון טרייסלאָפּס צו איר פּאָלק. זי האָט געשטאַרבּט, אַז קיין אַנדער מיטל ווי כיטרעקייט, אָרער געוואַלט איז איצט נישטאָ, — יע־דער דערפילט זיין פליכט און פונדעסטוועגן זענען זיי איינער דעם צווייטן פרעמד און שונאים. — אָבער, דאַכט זיך, דער זעלנער האָט אָנגערופן עפּעס אַ נאָמען? ער האָט, דאַכט זיך, געזעדט וועגן אומטרייסלאָפּס, וואָס עמיץ איז באַגאַנגען קעגן אים? איינע אַ שנוק האָט זי דאָך געקענט, איז דאָס נישט אַמאָל די שיינע ליבעלע, וואָס ווינט אויפן אָזערע־ברעג ביי די וואָסערליליעס? זי האָט געציטערט פון אויפרעגונג, אַ ש איז דאָ געווען פאַר איר אַ רעטונג, כאָטש זי האָט נאָך נישט געוווּסט אויף ווי וויים. זי האָט פאַרזיכטיק געפרעגט:

„ווער איז דאָס שנוק, אויב ס׳איז דערלויבט צו פרעגן?"

„אָך, דאָס גיים דיר ניט אָן, מיין קליינע", האָט דער שומר געענטפערט, „זי איז פאַרלאָרן פאַר מיר, און כ׳וועל זי שוין מער קיינמאָל נישט געפינען".

„כ׳קען איינע אַ שנוק", האָט מאַיאַ געזאָגט און זיך גע־פלייסט צו בלייבן געלאַסן, „זי געהערט צו דער ליבעלען־משפחה און איז, מסתמא, די שענסטע פון איר מין".

מאַיאַ האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען דעם זעלנער אַזאַ, ווי נאָך דידאָזיקע ווערטער, ער האָט, אַפנים, פאַרלאָרן דעם קאָפּ און שטורמיש צוגעשפרונגען צו איר.

„וואָס?" האָט ער אויסגערופן, „דו קענסט מיין שנוק? די רגע זאָלסטו מיר זאָגן, ווו זי געפינט זיך".

„נייך", האָט געזאָגט די קליינע מאַיאַ גאַנץ שטיל און אָנטשלאָסן. אָבער אינערלעך האָט זי געגליט פאַר פרייד.

„כ׳וועל דיר דעם קאָפּ אָפּבייסן, אויב דו וועסט נישט זאָגן", האָט דער שומר אויסגערופן. ער איז צוגעקומען גאָר נאָענט.

„סיי ווי וועט מען מיר אים אָפּבייסן. אדרבה, טוט עס! כ׳וועל דאָך נישט אויסגעבן די ליבלעכע ליבעלע, מ׳ט וועל־

כער כ'בין אַזוי ענג באַפריינדעט! איז וועט דאָך זי געווים נעמען אין געפאַנגענשאַפט".

דער זעלנער האָט שווער געאָטעמט. אַזוי ווי דרויסן האָט גענומען שפּראָצן אויף טאָג, האָט מאַיאַ געזען, אַז זיין שטערן איז געווען בלייך און זיינע אויגן — פול מיט אַנגסט און אומרו.

„מיין גאָט", האָט ער אַ צעמישטער געזאָגט, „ס'איז שוין צייט, כ'מוז אויפוועקן די זעלנער. — ניין, ניין, דו קליינע בין, כ'וועל מיין שנוק קיין שום שלעכטס נישט טאָן. כ'האָב ליב מיין שנוק מער ווי מיין לעבן. זאָג מיר, ווו קען איך זי געפינען?"

„איך האָב מיין לעבן אויך ליב", האָט די קליינע מאַיאַ געזאָגט קלוג און ווי נישט אַנטשלאָסן.

„אויב דו וועסט מיר אויסגעבן דעם ווינונגס-אָרט פון דער ליבעלע שנוק", האָט דער שומר געזאָגט און מאַיאַ האָט געזען, אַז ער האָט גערעדט מיט מי און געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, „וועל איך דיך באַפרייען, דו וועסט קענען אוועק-פליען, וווהין דו וועסט וועלן".

„וועט איר האַלטן וואָרט?"

„מיין ערנוואָרט אַלס רויבער", האָט דער שומר געזאָגט מיט שטאָלץ.

די קליינע מאַיאַ האָט קוים געקענט אויסריידן אַ וואָרט. יעדע מינוט איז דאָך טייער געווען, אויב זי האָט געוואָלט נאָך רעכטצייטיק וואָרענען איר פאָלק פאַרן איבערפאַל. אָבער איר האַרץ האָט געיובלט:

„גוט", האָט זי געזאָגט „כ'גלויב.. אייך. סאָ הערט-זשע: קענט איר די אַלטע לינדן ביים שלאָס? הינטער זיי ציען זיך ווייט אַ סך בלומענלאָנקעס און ענדלעך קומט מען צו אַ גרויסער אָזערע. אין דרום-ווינקל פון דער אָזערע, ווו עס פאַלט אַריין אין איר דאָס טייכל, שטייען ווייסע וואַסער-ליליען אונטער דער זון אין וואַסער. דאָרט אין טשערעט וווינט שנוק, איר קענט

זי דאָרט טרעפן יעדן טאָג, מיטאָקצײַט, ווען די זון שטייט הויך אין הימל".

דער זעלנער האָט צוגעדריקט זײַנע ביידע הענט צו זײַן בלאָסן שטערן. ער האָט, אַפּנים, געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף מיט זיך אַליין.

„דו זאָגסט דעם אמת", האָט ער שטיל געזאָגט און אַזוי אָפּגעפּיפּצט, „אַז ס'איז שווער געווען צו זאָגן, צי ער פּילט אַ ווייטאָק, אָדער אַ פרייד. „זי האָט מיר דערציילט, אַז עס ציט איר צו ווייסע שווימענדיקע בלומען. דאָס זענען, מסתמא, די בלומען, וועגן וועלכע דו רעדסט. אויב אַזוי, טאָ פלי אַוועק, און נעם צו מײַן דאַנק!"

און אינדערראמתן, ער איז אָפּגעטראָטן פון אײַנגאַנג. דרויסן האָט זיך פאַרנומען אויף טאָג.

„אַ רויבער האָלט זײַן וואָרט", האָט ער געזאָגט. ער האָט נישט געוווסט, וואָס די קליינע מאַיאַ האָט אין דערדאָזיקער נאַכט געהערט אין דער האָרן-בינען-שטאָט, און דעריבער האָט ער געטראַכט: וואָס פאַר אַ וועדט האָט אַן אײַנציקע קליינע בין, זענען דען דאָ ווינציק אַנדערע?

„זײַט געזונט", האָט מאַיאַ אויסגערופן און אַוועקגעפלויגן, אָן אָטעם פון אײַלעניש און אָן איין אײַנציקן דאַנק-וואָרט. ס'איז שוין באמת קיין צײַט נישט געווען דערצו.

# דער אומקער אַהיים

די קליינע מאַיאַ האָט צענויפגענומען אירע גאַנצע כּחות און דעם גאַנצן ווילן, וואָס זענען איר נאָך פאַרבליבן. ווי אַ קויל, אַרויסגעשאָסן פון אַ יאַכט-ביקס, אַזוי איז זי בליצ-שנעל געפלויגן דורך דער בלאָלעכער מאָרגנלופט אין אַ גלייכער ליניע צום וואַלד-צו. די בינען קענען פליען אַ סך שנעלער ווי דאָס רוב אַנדערע אינזעקטן. אין וואַלד איז זי קודם כּל געווען זיכער, דאָרט האָט זי זיך געקענט אויסבאַהאַלטן, ווען די האָרן-בין וואָלט חרטה געקריגן אויף דעם, וואָס זי האָט איר אָפּגעלאָזן אויף דער פריי, און וואָלט זי געגומען פאַרפאָלגן.

פון די בוימער זענען געפאַלן שווערע טראָפּנס אויף די פאַרוועלקטע בלעטער פון וואַלד-באָדן. ס'איז אַזוי קאַלט געווען, אַז די פליגלען פון דער בין האָבן געגומען גליווערן. אומעטום איז דאָס פלאַכלאַנד געווען באַדעקט מיט שלייערס און פון מאָרגנשטערן איז נאָך קיין שפּור נישט געווען. אַרום און אַרום איז אַזוי שטיל געווען, ווי די זון וואָלט פאַרגעסן אין דער ערד און אַלע לעבעדיקע ברואים זענען פאַרזונקען אין טויט-שלאָף. מאַיאַ האָט זיך אויפגעהויבן אין דער לופט אַזוי הויך, ווי ס'איז איר נאָר מעגלעך געווען. איין ציל האָט זי נאָר געהאַט: געפינען דעם בינשטאָק פון אירע שוועסטער, איר פאָלק, איר באַדראָטע היים אַזוי שנעל ווי דאָס דערלויבן אירע כּחות און

אירע הוטים. זי מוז באווייזן און וואַרענען איר פאָלק, עס זאָל זיך צוגרייטן צום אָנגריף, וועלכן די שרעקלעכע רויבערס האָבן בדעה דורכצופירן אין דאָזיקן מאָרגן. אָ, ווען דאָס בי-נען-פאָלק האָט צייט זיך צו באַוואָפענען און צוצוגרייטן די פאַרטיידיקונג, איז עס גענוג שטאַרק און פעיק צו פירן מלחמה מיט זייערע קעגנער, — אָבער נישט דאַן, ווען עס ווערט באַ-פאַלן פלוצלונג, ביים אויפכאַפּן זיך פון שלאָף. וועלן די מלכה און די זעלנער נאָך שלאָפן, וועט מוראדיק זיין די שחיטה און אַ סך וועלן אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, דער נצחון פון די האָרנבינען איז אַ זיכערער. און איצט, ווען די קליינע בין האָט געטראַכט וועגן דער קראַפט און שטאַרקייט פון אירע שוועסטער, וועגן זייער גרייטקייט צום טויט און טרייקייט צו דער מלכה, האָט איר אַרומגעכאַפּט אַ גרויסער צאָרן קעגן די שונאים און גלייכצייטיק אַ ווילן זיך מקריב צו זיין און אַ באַ-גליקנדיקער מוט פון באַגייסטערטער ליבע.

נישט לייכט איז איר אָנגעקומען צו געפינען דעם ריכ-טיקן וועג אין דער סביבה. שוין לאַנג ווי זי האָט אויפגע-הערט אַריינצונעמען אין זינען די געגנט אויף יענעם שטייגער, ווי דאָס זענען געוווינט צו טאָן די בינען, וועלכע מוזן טרעפן דעם וועג צו זייער בינשטאָק פון ווייטע אויספלוגן, אָנגעלאָדן מיט האָניק.

מאַיאַן האָט זיך געדוכט, אַז קיינמאָל נאָך איז זי נישט געפלויגן אַזוי הויך אין דער לופט, ווי איצט, די קילקייט האָט איר וויי-געטאָן, און טיף אונטער זיך האָט זי קוים געקענט געניי אונטערשיידן איינצלנע געגנשטאַנדן. אויף וואָס זאָל איך זיך פאַרלאָזן, האָט זי געטראַכט, כ'האָב נישט קיין אָנהאַלט-פונקט און כ'וועל נישט קענען ברענגען קיין הילף מיין פאָלק. „אָך, כ'האָב געהאָט די בעסטע געלעגנהייט צו פאַרגלעטן אַלע מיינע זינד", האָט זי זעופצט אין גרויס שרעק, „וואָס הויבט מען אָן צו טאָן די אָבער פלוצלונג האָבן זי געהיימע כחות גענומען טרייבן מיט אומבאַזיגבאַרן דראַנג אין אַ באַשטימטער ריכטונג. וואָס אַזוינס יאָגט מיך און ציט מיך, האָט זי געטראַכט, מסתמא

איז דאָס מיין בענקשאַפט אַהיים. און זי האָט זיך אָנגעטרויט דעמדראָזיקן געפיל און געפלויגן גלייך פאַר זיך, ווי שנעל זי האָט נאָר געקענט. און פלוצלונג האָט זיך אַרויסגעריסן ביי איר אַ הילכיקער יובל-געשריי: ווי גראָע געוועלבן פון זע׳ טונקל-קייט אַרויס האָבן דאָרט ווייס שימערירט די בוימשפּיצן פון די גרויסע לינדן אין שלאָס-פּאַרק. איצט האָט זי שוין געוווּסט דעם וועג און אין איין אויגנבליק האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזן האַרט איבער דער ערד. זי האָט ווידער געזען אויף די לאָנקעס-זוימען געדיכטע העלע נעפּל-פּאַסן און זי האָט געטראַכט וועגן די בלומען-עלפן, וועלכע שטאַרבן דאָרט יונגערהייט פול מיט טרייסט און גליק. דערדאָזיקער געדאַנק האָט אָנגעפילט איר האַרץ מיט זיכערקייט, און איר שרעק איז פאַרשוווּנדן. זאָלן איר אירע שוועסטער פאַראַכטן צוליב איר אַנטלויפן פון דער מלוכה. זאָל די מלוכה זי באַשטראָפן, — אַבי איר פאָלק זאָל פאַרהיט ווערן פון מוראדיקן אומגליק, וואָס לויערט אויף אים.

האַרט ביי דער לאַנגער שטיינערנער וואַנט האָט זי שוין געזען שימערירן די בלויע יאָדלע, וואָס שיצט איר היימישע בינענשטאָט קעגן מערב-ווינט און אָט זעט זי שוין די באַקאַנטע פלי-עפנונגען, די רויטע, בלאָע און גרינע טויערן פון איר היים. איר האַרץ האָט אַזוי שטורמיש געקלאַפּט, אַז זי האָט מורא געהאַט צו פאַרלירן דעם אָטעם, אָבער זי האָט אויסגע-האַלטן און געפלויגן אין איין אָטעם צום רויטן טויער; דאָרט איז געווען דער צוטריט צו איר מלוכה.

ווען זי האָט זיך אנידערגעזעצט אויפן פלי-ברעט פאַרן טויער, האָבן איר ביידע שומרים פאַרשטעלט דעם וועג און זי תיכף אָנגעכאַפּט. מאַיאַ האָט אַזוי שטאַרק געסאָפּעט, אַז זי האָט צוערשט נישט געקענט אויסריידן קיין וואָרט און די וועכטער האָבן געהאַט בדעה זי צו טויטן, ווייל אונטער דער דראָונג פון טויט-שטראָף איז די בינען פאַרווערט אַריינצודרינגען אין אַ פרעמדע שטאָט אָן אַ דערלויבעניש פון דער מלכה.

„צוריק!״ האָט אויסגערופן דער שומר און זי גראָב אַ שטויס געטאָן פון זיך, „וואָס פאַלט אייך איין?! אויב איר וועט

גלייך נישט פארקירעווען צוריק, מעגט איר זיך זעגענען מיטן לעבן". און זיך ווענדנדיק צום צווייטן שומר האָט ער געזאָגט: „האָט שוין אַמאָל געטראָפן מיט דיר עפּעס ענלעכס, און דערצו נאָך פאַרן אָנברוך פון טאָג?"

אָבער דאָ האָט מאַיאַ אויסגערופן דאָס פּאַראָל־וואָרט פון איר פאָלק, לויט וועלכן אַלע בינען דערקענען זייערע היימישע, און די שומרים האָבן זי גלייך אָפּגעלאָזן.

„וואָס טוט זיך דאָ?!" האָבן זיי אויסגערופן, „דו ביסט אַ היימישע און מיר קענען דיך גאָרנישט!"

„לאָזט מיר צו צו דער מלכּה", האָט די קליינע מאַיאַ אַרויסגעזיפצט, „תּיכּף ומיד, עס דראָט אַ גרויס אומגליק".

די שומרים האָבן זיך נאָך געוואַקלט, זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאַר אַזוינס.

„די מלכּה טאָר מען נישט וועקן פאַר זון־אויפגאַנג", האָט איינער פון זיי געזאָגט.

אָבער מאַיאַ האָט אַ געשריי־געטאָן הויך און ליידנשאַפטלעך, ביידע שומרים האָבן נאָך קיינמאָל נישט געהערט אַ בין זאָל אַזוי שרייען:

„אויב אַזוי, וועט שוין אפשר די מלכּה קיינמאָל זיך נישט אויפכאַפּן צום לעבן! דער טויט יאָגט זיך הינטער מיר". און זי האָט צוגעגעבן אַזוי ווילד און צאָרנדיק: „פירט מיך צו דער מלכּה!" — אַז די שומרים זענען דערשראָקן געוואָרן און טיף דערשיטערט זי געפאָלגט.

זיי האָבן אַלע געאײַלט דורך די וואַרעמע, גוט־באַקאַנטע גאַסן און גענג, וועלכע מאַיאַ האָט אַלע דערקענט, און כאָטש איר אויפרעגונג און אײַלעניש האָבן זי כמעט אינגאַנצן באַהערשט, האָט דאָך איר האַרץ געציטערט פון ווייטאָק אונטער דעם נחת־רוח פון דער היים.

„איך בין אינדערהיים", האָט זי געשטאַמלט מיט בלאַסע ליפּן.

אין אויפנאַם־זאַל פון דער מלכּה איז זי כמעט ווי אָנידערגעפאַלן. איינער פון די וועכטער האָט זי אונטערגעהאַלטן.

דער צווייטער האָט געאײַלט מיט דער אומגעוויינלעכער בשורת אין דער מלכּהס צימערן. זיי האָבן שוין איצט ביידע פאַר־שטאַנען, אַז עס שטייט פאַר עפּעס אויסערגעוויינלעכס, און דער שליח איז געלאָפן מיט דער גאַנצער שנעלקייט, אויף וועלכער זיינע פיס זענען פעיק געווען.

די ערשטע וואַקס־צוגרייטערינס זענען שוין געווען אויף, דאָ און דאָרט האָט פון די דורכגעגנגע אַרויסגעקוקט אַ נייגעריק קעפּל, די ידיעה וועגן מאַדנעם געשעעניש האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט.

דערוויילן זענען פון דער מלכּהס צימערן אַרויסגעקומען צוויי אָפיצירן, וועלכע מאַיאַ האָט תּיכּף דערקענט. שטילשוייגנ־דיק און ערנסט האָבן זיי פאַרנומען ביים אַריינגאַנג זייערע ערטער, נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט צו מאַיאַן; איצט האָט די מלכּה געדאַרפט דערשיינען אַ ליאַדע מינוט.

זי איז געקומען אָן איר הויף־סוויטע, בלויז אין באַגלייַ־טונג פון צוויי דינערינס און לייב־אַדיוטאַנט. דערזען מאַיאַן איז זי שנעל צוגעגאַנגען צו איר, אָבער דער אויסגעמאַטער־טער צושטאַנד און גרויסע אויפרעגונג פון דער קליינער בין האָבן באַלד פאַרטריבן דעם אויסדרוק פון ערנסטקייט און שטרענגקייט, וואָס איז געלעגן אויף דער מלכּהס פּנים.

„דו ברענגסט אַ וויכטיקע ידיעה?״ האָט זי רויק גע־פרעגט. „ווער ביסטו?״

מאַיאַ האָט לאַנג קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענ־גען. ענדלעך האָט זי בלויז אַרויסגערעדט מיט גרויס מי: „די האָרן־בינען!״

די מלכּה איז בלייך געוואָרן, אָבער נישט פאַרלאָרן דעם קאָפּ, און דאָס האָט אויך מאַיאַן אַביסל באַרויקט.

„מעכטיקע מלכּה״, האָט זי אויסגערופן, „זיי מיר מוחל, וואָס כ׳דערפיל נישט די פליכטן, וואָס דיין מאַיעסטעט און חשיבות פאָדערן, כ׳וועל שפּעטער אַלץ דערציילן, וואָס כ׳האָב געטאָן און אויף וואָס כ׳האָב חרטה מיטן גאַנצן האַרצן. ממש דורך אַ נס בין איך היינטיקע נאַכט אַנטרונען געוואָרן פון געפאַנגענשאַפט ביי די האָרן־בינען,

און דאָס לעצטע, וואָס כ׳האָב ביי זיי געהערט, איז דאָס, אַז היינט פאַרטאָג וועלן זיי באַפאַלן און באַרויבן אונזער מלובה!״

די שרעק, וואָס האָט אַלע אָנגעזונדיקע באַפאַלן ביי די דאָזיקע ווערטער פון דער קליינער מאַיאַ, לאָזט זיך גאָרנישט באַשרייבן.ביידע דינערינס, וואָס האָבן באַגלייט די מלכּה, האָבן אויסגעבראָכן אין אַ גרויס יללה, און די אָפיצירן ביים אַריינגאַנג, בלייכע פון שרעק, האָבן געהאַט אַן אויסזען, ווי זיי וואָלטן וועלן אַוועקפליען און שלאָגן אַליאַרם. דער אַדיוטאַנט האָט געזאָגט: „דו גרויסער גאָט...״, און זיך איינמאָל אַדומגעדרייט אַרום זיך אַליין, ווייל ער האָט זיך געוואָלט גלייכצייטיק אַרומקוקן אין אַלע זייטן.

און ס׳איז באמת געווען אַ אויסערגעוויינלעך בילד צוצוזען, מיט וואָסער רויקייט און געפאַסטקייט די מלכּה האָט אויפגענומען די שרעקלעכע ידיעה. זי האָט זיך אַביסל אויסגעצויגן און אין איר אויסזען צוגעקומען עפּעס סאיז אַזוינס, וואָס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן אַ יראת-הכבוד און גלייכצייטיק אַ גרעניצלאָזן צוטרוי. די קליינע מאַיאַ האָט געציטערט פאַר באַגייסטערונג, איר האָט זיך געדוכט, אַז אַזאַ וווּנדערבאַרע דערהויבנקייט האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געזען. די מלכּה האָט מיט אַ ווינק צוגערופן די אָפיצירן און זיי געזאָגט אויפן קול, מיט אַ באַהערשטער שטים, עפּלעכע אייליקע זאַצן. מאַיאַ האָט געהערט די לעצטע ווערטער: „כ׳גיב אייך איין מינוט צייט אויף אויסצופירן מיין באַפעל, אויב עס וועט געדויערן לענגער, וועט איר דערפאַר באַצאָלן מיט אייער קאָפּ״. אָבער ביידע אָפיצירן האָבן גאָרנישט געהאַט קיין אויסזען פון אַזעלכע, וועלכע מ׳דאַרף צו טרייבן; זיי האָבן זיך אוועקגעטראָגן ווי אַ וויכער, ס׳איז געווען אַ מחיה זיי נאָכצוקוקן.

„אָ, מיין מלכּה!״ האָט די קליינע מאַיאַ אויסגערופן.

דאָ האָט זיך די מלכּה אָנגעבויגן אויף אַ קורצע ווײַלע צו מאַיאַן, און די קליינע בין האָט נאָך אַמאָל געזען דעם

פנים פון איר מלכה, וואָס האָט געשטראַלט מיט ליבע און מילדקייט.

„אַ דאַנק דיר", האָט זי געזאָגט צו מאַיאַן, „דו האָסט אונז אַלעמען געראַטעוועט; וואָס עס זאָל פריער נישט האָבן פּאַרגעקומען, — דו האָסט עס טויזנטפאַך אויסגעקויפט. און איצט גיי און רו זיך אויס, מיין קרוינעלע, דו זעסט שרעק-לעך שלעכט אויס, און דיינע הענט ציטערן".

„איך וויל שטאַרבן פאַר דיינעטוועגן", האָט מאַיאַ גע-שטאַמלט און געציטערט דערביי.

אָבער די מלכה האָט געענטפערט:

„זאָרג זיך נישט פאַר אונז. צווישן די אַלע טויזנטער, וואָס וווינען אין דערדאָזיקער שטאָט, איז נישטאָ קיין איינע, וואָס זאָל וױשט אָפּגעבן איר לעבן פאַרן ווויל פון די אַנדערע. דו קענסט רויק שלאָפן".

זי האָט זיך נאָכמער אָנגעבויגן צו דער קליינער מאַיאַ און זי אַ קוש געטאָן אין שטערן, דערנאָך האָט זי צוגערופן אירע באַדינערינס און זיי באַפוילן צו זאָרגן פאַר מאַיאַס רו.

די קליינע בין האָט זיך געלאָזט אַוועקפירן, און טיף אין האַרצן איז זי געווען גליקלעך. זי האָט געהאַט אַ געפיל, אַז דאָס לעבן קען איר שוין קיין שענערעס נישט ברענגען. ווי אין חלום האָט זי נאָך געהערט פון דערווייטנס הויכע, קלאָרע סיג-נאַל-רופן, ווי די הויפּטלייט פון דער מלוכה האָבן זיך גע-שטופּט ביי דעם איינגאַנג פון דער מלכהס צימערן, און דער-נאָך האָט זיך דערטראָגן צו איר אַ דומפּער, ווייט-פאַרקלינגע-דיקער געקראַך, וואָס האָט געמאַכט אויפציטערן דעם גאַנצן ביינשטאָק.

„ווי זעלנער! אונזערע זעלנער!" האָט לעבן איר געפליס-טערט די קעניגין.

דאָס לעצטע, וואָס זי האָט געהערט אין דער קליינער, שטילער קאַמער, אין וועלכער אירע באַגלייטערינס האָבן זי גע-

לייגט אויסרוען, איז געווען דער מאַרש פון דער אַרמיי, וועל-כע האָט פאַרביינעאיילט האַרט לעבן איר טיר. זי האָט גע-הערט אַ קלאָרע קאָמאַנדע-שטים, וואָס האָט געקלונגען פריילעך און זיכער און אין ערשטן שלאָף-טרוים האָט זי נאָך געהערט דאָס אַלטע זעלנער-ליד פון די בינען, וואָס האָט געקלונגען ווייס, ווייס:

דו גאָלדענע זון,
אונזער אַרבעט באַשיין.
בענטש אונזער מלכה,
לאָז אונז אייביק זיין.

## דאָס זעכצנטע קאַפּיטל

# די שלאַכט מיט די האָרן-בינען

אין אומגעהייערע אויפרעגונג האָט געהערשט אין דער בי-נען-מלוכה. אפילו אין די רעוואָלוציע-טעג איז די מהומה נישט געווען אַזוי גרויס. דער בינשטאָק האָט געקאָכט, ס'איז נישט געווען קיין איינציקע בין, וואָס זאָל נישט אַרומגעכאַפּט זיין פון הייליקן צאָרן און גליענדיקן באַגער צו באַגעגענען די אַלטע בלוט-שונאים מיט דער גאַנצער קראַפט. און פונדעסטוועגן איז נישט געווען צו באַמערקן נישט קיין טומל, נישט קיין אומ-אָרדנונג, ס'איז ממש געווען צו שטוינען, ווי שנעל די פאָלקן האָבן זיך פאַרזאַמלט און ווי גוט יעדער איינער האָט געוווּסט זיין פליכט און מיט וואָס ער קען ברענגען נוצן.

און ס'איז שוין טאַקע געווען די העכסטע צייט. ווי נאָר ס'זענען אַרויסגעטראָטן די פרייוויליקע, וועלכע האָבן זיך אויפן רוף פון דער מלכּה געמאָלדן די ערשטע צו פאַרטיידיקן דעם איינגאַנג, זענען שנעל צוריקגעקומען ווי ווישנדיקע פינטעלעך די ערשטע אויסקוקערס וועלכע מ'האָט אַרויסגעשיקט, און זיי האָבן געמאָלדן, אַז די האָרן-בינען דערנעענטערן זיך. עס האָט געהערשט אַ מוראדיקע שטילקייט פון דערוואַרטונג. ערנסט און אַנטשלאָסן, בלייך פון שטאָלץ זענען געשטאַנען די ערשטע זעל-נער ביים סאַמע אַריינגאַנג אין דריי געשלאָסענע רייען. קיינער האָט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, אַרום האָט געהערשט אַ טויטן-שטילקייט. בלויז אין הינטערגרונט האָט מען געהערט די

שטילע קאָמאַנדע-רופן פון די אָפיצירן, וועלכע האָבן מושטרירט די רעזערוון. ס'האָט אויסגעזען, ווי דער בינשטאָק וואָלט גע-שלאָפן. בלויז ביים טויער האָבן שטיל און פיבערהאַפט נאָך געאַרבעט ביי אַ כוון וואַקס-צוגרייטעריננס, וועלכע האָבן באַקו-מען אַ באַפעל צו פאַרשמעלצן דעם אַריינגאַנג מיט וואַקס. אין אַ פּאָר מינוט זענען ווי דורך אַ ווונדער אויסגעוואָקסן צוויי דיקע וואַקס-ווענט, וועלכע די שטאַרקסטע האָרן-בינען אַפילו וואָלטן נישט געקענט צעשטערן אין אַ צייט-פאַרלויף. די אַריינ-פלי-טיר איז פאַרקלענערט געוואָרן כמעט ווי אויף העלפט.

די מלכה האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ, פון וועלכן איר איז מעגלעך געווען צו האָבן אַן אויג אויפן קאַמף. אירע אַדיו-טאַנטן זענען אייליק אַרומגעפלויגן הין און צוריק. איצט איז שוין צוריקגעקומען דער דריטער אויסקוקער. איינגאַנצן אַן אויס-געשעפטער איז ער געפאַלן צו דער מלכהס פיס.

„איך בין דער לעצטער, וואָס קומט צוריק", האָט ער אויסגעשריגן מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג, „די איבריקע זענען טויט".

„ווו געפינען זיך די האָרן-בינען?" האָט די מלכה גע-פרעגט.

„ביי די לינדן", האָט ער אויסגערופן, און דערנאָך אַרויסגעפליסטערט אין טויט-שרעק: „הערט! הערט! די לופט איז פול מיטן פליגלען-געברויש פון די ריזן!"

מ'האָט קיין זאַך נישט געהערט. דאָס האָט זיך אים גע-דאַכט פון שרעק, אַז ער ווערט נאָך אַלץ פאַרפאָלגט.

„ווי גרויס איז זייער צאָל?" האָט שטרענג געפרעגט די מלכה, „רעד שטיל".

„כ'האָב אָנגעציילט פערציק", האָט אַרויסגעפליסטערט דער אויסקוקער, און כאָטש די מלכה איז דערשראָקן געוואָרן פון דעם פיינטס קראַפט, האָט זי דאָך געזאָגט הויך און זיכער:

„קיין איינציקע פון זיי וועט זיך נישט אומקערן אַ היים".

דער מלכהס ווערטער האָבן אויף די זעלנער און אָפּר

צירן געווירקט ווי אַ שרעקלעכער אָנזאָג פאַרן שונא, און אַלע-מענס מוט איז פאַרגרעסערט געוואָרן.

אָבער ווען דרויסן, אין דער שטילער מאָרגנלופט, האָט צוּ[illegible]ל און דערנאָך אַלץ העכער און העכער זיך גע-לאָזט די [illegible] שאַרפער שוידערלעכער זשומען, ווען דער אריינ-גאַנג [illegible]נקל געוואָרן און אַלע האָבן דייטלעך דערהערט די שרעקלעכע פליסטער-שטימען פון דידאָזיקע גרויזאַמסטע רויבער און מערדער אין דער אינזעקטן-וועלט, — זענען בלייך געוואָרן די פּניכער פון די קליינע מוטיקע בינען, ווי אַ בלייכער שיין וואָלט געפאַלן אויף זייערע רייען. זיי האָבן זיך איינע די אַנ-דערע אָנגעקוקט מיט אייגן פון וועלכע ס'האָט אַרויסגעקוקט דער טויט, און די פאָדערשטע זעלנער האָבן געוווּסט, אַז ס'וועט נישט געדויערן קיין מינוט — און זיי וועלן שוין מער נישט לעבן.

דאָ האָט די באַהערשטע שטים פון דער מלכּה זיך גע-לאָזט הערן רויק און קלאָר פון דער הויך: —

„לאָזט די רויבער אַריין, איינעם נאָכן צווייטן, ביז איך וועט הערן מיין באַפעל, דאַן זאָלן זיך די ערשטע רייען וואַרפן, צו הונדערט פאַר אַמאָל, אויף די אַריינגעדרונגענע, און די הינ-טערשטע רייען זאָלן פאַרשטעלן דעם אריינגאַנג. אויף אַזאַ אופן וועלן מיר צעטיילן דעם פיינטס קאַמף-מחנה. איר, די ערשטע, דאַרפט גוט געדענקען, אַז פון אייער קראַפט און אויסדויער און פון אייער מוט הענגט אָפּ דער גורל פון דער גאַנצער מלוכה — אָבער זאָרגט זיך נישט, די שונאים וועלן אין דער טונקלקייט נישט גלייך איינזען, ווי גוט מיר זענען באַוואָפנט, און זיי וועלן זאָרגלאָז אַריינדרינגען...“

זי האָט איבערגעריסן אינמיטן די רייד, ווייל אין טויער האָט זיך באַוויזן דער קאָפּ פון ערשטן רויבער. די טאַפּערס האָבן פאָרזיכטיק גטאַפּט, די מויל-צוואַנגען האָבן זיך געעפנט און געשלאָסן, און נאָך דעם האָט זיך לאַנגזאַם אַריינגעגליטשט אַן אויסגעהי[illegible] קערפער מיט שטאַרקע פליגלען. דער פאַנ-

צער האָט געפונקלט אין ליכט, וואָס איז אַריינגעדרונגען פון אויסן.

דורך די בינען־רייען איז דורכגעלאָפן אַ ציטער, אָבער קיין איינציקער קלאַנג האָט זיך נישט געלאָזט הערן.

די האָרן־בין איז שטיל צוריקגעטרעטן און מ׳האָט גע־הערט איר מעלדונג:

„דער בינשטאָק! שלאָפט. אָבער דער אַריינגאַנג איז האַלב־פאַרמויערט און נישטאָ ביי אים קיין שומרים. כ׳ווייס נישט, צי דאָס זיין אַ גוטער, אָדער אַ שלעכטער סימן".

„אַ גוטער!" האָט זיך פון דרויסן דערטראָגן, „פאָרויס!"

צוויי ריזן זענען איינער נעבן צווייטן אַריינגעדרונגען, זיך שטיל גערוקט פאָרויס, שימערירנדיק אינגאַנצן אין פאַסן און געפאַנצערט. ס׳איז געווען אַ שרעק צו קוקן. איצט האָבן זיך שוין אַכט רויבערס געפונען אין בינשטאָק און די מלכּה האָט נאָך אַלץ נישט געגעבן קיין באַפעל. איז זי פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק, וואָס זי האָט פאַרלאָרן די שטים? צי דען האָבן די רויבער נאָך אַלץ נישט באַמערקט, אַז רעכטס און לינקס זענען געשטאַנען אין שאָטן די שימערירנדיקע רייען פון זעלנער, צוזאַמענגעדריקט און גרייט צום טויט...

פּלוצלונג האָט הויך אַראָפּגעקלונגען פון אויבן:

„אין נאָמען פון אייביקן רעכט און אין נאָמען פון דער מלכּה, פאַרטיידיקט די מלוכה!"

דאָ האָט זיך אויפגעהויבן אַ געזשומערײַ און אָנגעפילט די לופט. נאָך קיינמאָל האָט אַזאַ קריגס־געשריי נישט דערשי־טערט די שטאָט. ס׳האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די גאַנצע שטאָט מוז צעשפּרונגען ווערן פונעם דאָזיקן באַטויבנדיקן רויש, און דאָרט, ווו מ׳האָט נאָך אָקאָרשט געקענט בולט אויסטיילן די איינצלנע האָרן־בינען, האָבן זיך איצט געקייקלט געדיכטע, טונ־קעלע, ברוגזדיקע קנוילן. אַ יונגער בינען־אָפיציר האָט קוים זיך דערוואָרט אויפן סוף פון דער קאָמאַנדע. ער האָט געוואָלט זיין דער ערשטער, וואָס גרייפט אָן און ער איז טאַקע געווען דער ערשטער, וואָס איז געפאַלן טויט. ער איז געשטאַנען פון

פריער גרייט צום שפרונג, ציטערנדיק פאַר קאַמפּלוסט, און ווי נאָר ער האָט פאַרנומען איבער זיך דאָס ערשטע וואָרט פון באַ-פעל, האָט ער זיך אַ וואָרף-געטאָן אַקוראַט אין די מויל-צוואַנגען פון פאָדערשטן רויבער, און זיין פיינער, אומענדלעך שפּיציקער גיפטל האָט געפונען אַ דורכגאַנג צווישן דעם קאָפּ און דעם ברוסטרינג צום האַלז פון זיין קעגנער. ער האָט נאָך געזען, ווי די האָרן-בין האָט זיך מיט אַ ווילדן געשריי צוזאַמענגעדרייט, אַז אַיין ווײַלע האָט זי אויסגעזען ווי אַ געל-שוואַרצער, גלאַנ-צנדיקער קויל, און דערנאָך איז דעם רויבערס מוראדיקער גיפטל אַריינגעדרונגען דורך דער ברוסטרינג אין יונגן אָפיצירס האַרץ. שטאַרבנדיק האָט ער נאָך געזען, ווי ער און דער טויט-לעך-פאַרוואונדעטער פיינט פאַרזינקען אין אַ וואָלקן פון זיינע ברידער. זיין מוטיקער זעלנער-טויט האָט אַלעמענס הערצער אָנ-געפילט מיט ווילדער לוסט פון סויט-גרייטקייט, און דער אָנ-גריף פון די בינען איז געוואָרן זייער געפערלעך פאַר די אַריינגעדרונגענע.

אָבער די האָרן-בינען זענען אַן אַלט רויבער-פאָלק, וואָס איז געוווינט צום קאַמף; מאָרדן און רויבן איז שוין פון לאַנג געוואָרן זייער שרעקלעכע מלאכה. אמת, דער ערשטער שטורם פון די בינען האָט זיי צעטומלט און צעטיילט, אָבער האָט זיי געבראַכט אַ סך ווינציקער שאָדן, ווי ס'האָט זיך צוערשט גע-קענט דוכטן. ווייל די גיפטלעך פון די בינען זענען נישט דורכגעדרונגען דורך די פאַנצערס פון די ריזן, און, חוצדעם, האָט די קראַפט און די גרויס פון די האָרן-בינען זיי געגעבן אַן איבערגעוויכט, אין וועלכן זיי זענען זיכער געווען. זייערע דורכדרינגנדיקע, ששומענדיקע קאַמף-רופן, וואָס וואַרפן אַן אַ פחד אויף אַלע באַשעפעניש, וועלכע הערן זיי, האָבן פאַר-טויבט דעם קריגס-געשריי פון די בינען. די מענטשן אָפילו האָבן דאָך מורא פאַרן דאָזיקן וואָרנדיקן רוף פון די האָרן-בינען און ווייכן זיי ליבערשט אויס, איידער אַריינצוטרעטן מיט זיי אין קאַמף אומבאַוואָפנטערהייד.

די באַפאַלענע האָרן-בינען, וועלכע האָבן שוין געהאַט

אַרייַנגעדרונגען אין בינשטאָק, האָבן גלייך באַגריפן, אַז קודם כּל מוזן זיי זיך דורכשלאָגן ווייטער, כּדי מיט די אייגענע קערפּערס נישט צו פאַרשפּאַרן דעם אַרייַנגאַנג פאַר זייערע חברים אין דרויסן. די קעמפנדיקע קנוילן האָבן זיך דעריבער געקייקלט פאָרויס אין די טונקעלע גאַסן און קאָרידאָרן. דער באַפעל פון דער מלכּה איז געווען זייער אַ ריכטיקער, ווייל קוים איז ביים אַרייַנגאַנג געוואָרן אַ שטיקל פרייער פּלאַץ, האָבן זיך די הינטערשטע זעלנער-רייען אַ ריס-געטאָן פאָרויס, כּדי אים צו פאַרטיידיקן. זיי האָבן אָנגעווענדט אַן אַלט-אויסגעפּרוווטן און שרעקלעכן קאַמף-אופן. קוים האָט זיך אַ האָרן-בין אייגעמאַסערט אין קאַמף ביים אַרייַנגאַנג, פלעגן די האָניק-בינען מאַכן אַן אָנשטעל, ווי זיי זיך גופא וואָלטן כּלומרשט געווען אויסגעשעפּט און לאָזן דעם רויבער אַרייַנדרינגען אינעווייניק. אָבער שכענדיק פלעגט געלינגען אַרייַנצודרינגען אין דער שטאָט בלויז דערדאָזיקער איינציקער האָרן-בין, ווייל ווי נאָר אַ צווייטע האָט געוואָלט אַרייַנדרינגען, פלעגט זיך תּיכּף אַ וואָרף-טאָן אַ געדיכטער הויפן נייע זעלנער אויף דעם כּלומרשט אומבאַשיצטן טויער. און דער אַרייַנגעדרונגענער קעגנער, אויסגעמאַטערט פון קאַמף, פלעגט זיך פּלוצלונג זען אַרומגערינגלט פון גאַנץ נייע רייען בינען-זעלנער, וועלכע האָבן נאָך קיין גליד נישט באַוועגט אין קאַמף, און על פּי רוב פלעגט ער פאַלן אַלס קרבן פון זייער איבערמאַכט שוין ביי דער ערשטער אָנגריף-כוואַליע.

אין די קאַמף-געשרייען האָבן זיך שוין פון לאַנג אַרייַנגעמישט דער טויט-געשריי פון די גוססע, דער יאָמער פון די פאַרוווּנדעטע און שמערצלעכע, ווילדע זיפצן פול מיט טויט-שרעק און אָפּשייד-טרויער. די שרעקלעכע גיפטלעך פון די האָרן-בינען האָבן צווישן די בינען אָנגעמאַכט אַ מוראַדיקן חורבן. די פאַרקנוילטע מאַסן קעמפנדיקע אין בינשטאָק האָבן געלאָזן הינטער זיך גאַנצע הויפנס טויטע. די איינגעשלאָסענע האָרן-בינען האָבן דערזען, אַז דער אַרויסגאַנג איז אָפּגעשניטן פאַר זיי, און אַז קיין איינע פון זיי וועט שוין, מסתּמא, מער נישט אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין, און דעריבער האָבן

זיי גצקעמפט מיט מוראדיקער פאַרצווייפלונג. אָבער ביסלעכ־ווייז זענען זיי דאָך געפאַלן אין קאַמף אײנע נאָך דער צווייטער, און אָט פּאַרוואָס: די קראַפט פון די ריזן איז נישט אַזוי גרינג געווען אויסצושעפּן, אָבער דערפאַר האָט זיך אויסגעשעפּט דער גיפט פון זייערע גיפטלעך און זייערע שטאָכן האָבן שוין מער נישט געבראַכט קיין טויט. די פאַרוווּנדעטע בינען האָבן איצט געוווּסט, אַז זיי וועלן צוריק באַקומען זייערע פוחות, און דאָס האָט געשאַפן ביי זיי אַ גאַנץ נייעם נצחון־באַוווּסטזיין, דערצו איז נאָך צוגעקומען דער ווייטאָק צוליבן טויט פון זייערע נאָנטע, און דאָס האט זיי צוגעגעבן קראַפט.

צוביסלעך איז שטיל געוואָרן. די הויכע אויסרופן פון די האָרן־בינען פאַרן בינשטאָק האָבן שוין מער נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג ביי די אַריינגעדרונגענע חברים.

„זיי זענען אַלע טויט", האָט די פירערין פון די האָרן־בינען געזאָגט מיט צאָרנדיקן ווייטאָק און זי האָט אָפּגערופן די קעמפנדיקע פון טויער. פון זייער מחנה איז געבליבן אַ העלפט. דאָס צאָרנדיקע ברויזן אין בינשטאָק איז צו זיי דערגאַנגען.

„דאָ שטעקט אַ האַנט פון אַ פאַרפּעטער", האָט די פירערין ווידער געזאָגט, „די בינען זענען געווען צוגעגרייט".

זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף דעם בלאָען טאַנען־בוים. לאַנגזאַם איז אַלץ ליכטיקער געוואָרן און דער מאָרגנשטערן האָט שוין באַגולט די קרוינען פון די לינדן־ביימער. די פייגל־צווּיטשערייען האָבן הויך געשאַלט, און דער טוי איז געפאַלן. בלייך און ציטערנדיק פון קאַמף־צאָרן זענען די זעלנער געשטאַנען אַרום זייער פירערין, וועלכע האָט אינערלעך געקעמפט מיט זיך, צי זאָל זי פאָלגן איר רויב־לוסט, אָדער איר קלוגשאַפט. ניין, זי האָט איינגעזען, אַז ס'איז אַ שפּיל פאַרן טייוול, איר גאַנצער שטאַם איז אין סכנה פאַרטיליקט צו ווערן. און ציטערנדיק פון ווידערווילן און פון באַליידיקטן שטאָלץ האָט זי באַשלאָסן צו שיקן צו די בינען אַ שליח, כדי צו ראַטעווען די געפאַנגענע.

די האָט אויסגעקליבן איר קלינסטן אָפיציר, וועלכן די האָט געקענט, און אויסגערופן זיין נאָמען.

אַ געדריקטער שטילשווייגן איז געווען דער ענטפער. ער האָט זיך געפונען צווישן די איינגעשלאָסענע.

האָט זי שנעל און פול מיט פחד אויסגעוויילט אַ צווייטן, וויל פלוצלונג איז איר באַפאַלן אַ טויט-שרעק פאַר אירע זעלנער, וועלכע זענען נישט צוריקגעקומען. דער רעש פון בינשטאָק האָט זיך געלאָזט הערן פון ווייס.

„אייל זיך צו!" האָט זי אויסגערופן און געגעבן דעם שלוחַ-שליח אין האַנט אַריין אַ ווייס זשאַסמין-בלאַט, „אַנישט וועלן סוף-כל-סוף קומען די מענטשן און דאַן זענען מיר פאַרלאָרן. זאָג זיי, אַז מיר וועלן אָפּטרעטן און זייער בינשטאָק פאַרשווינען אויף תמיד, אויב זיי וועלן אונז אַרויסגעבן די געפאַנגענע".

דער שליח איז שנעל אַוועקגעפלויגן, אַ פאָכע-געטאָן פאַר דעם טויער מיטן ווייסן בלאַט און זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן פליברעטל.

תיכף איז דער בינען-מלכה געבראַכט געוואָרן די ידיעה, אַז ס'איז דאָ אַ שליח, וועלכער וויל פירן אונטערהאַנדלונגען און די הערשערין האָט צו אים געשיקט אירע אַדיוטאַנטן. ווען מ'האָט איר געבראַכט דעם פאָרשלאַג, האָט זי געלאָזט ענטפערן:

„מיר, בינען, גיבן אַרויס די טויטע, אויב איר ווילט זיי מיטנעמען מיט זיך. קיין געפאַנגענע האָבן מיר נישט. אַלע אייערע לייט, וועלכע זענען אַריינגעדרונגען אין בינשטאָק, זענען טויט. אייער צוזאָג מער נישט צו קומען — גלויבן מיר נישט. איר קענט קומען ווידער, אויב איר האָט השק, אָבער מער הצלחה ווי היינט וועט איר קיינמאָל נישט האָבן, און אויב איר ווילט איצט ווייטער קעמפן, זענען מיר אַלע, ביז דער לעצטער, גרייט".

די פירערין פון די האָרן-בינען איז בלייך געוואָרן, ווען זי האָט דערהערט דידאָזיקע תשובה. מיט געביילטע פויסטן —

האָט זי געהאַט אויסצוזשטיין אַ שווערן איבערלעבן קאַמף. מיט גרויס פאַרגעניגן וואָלט זי נאָכגעגעבן דעם ווונש פון אירע זעלנער, וועלכע האָבן געדורשט נאָך נקמה. אָבער איר שכל הישר האָט געזיגט.

„מיר וועלן ווידער קומען", האָט זי געקריצט מיט די ציין, „וואָס פאַר אַן אומגליק איז עס מיט אונז געשען? צו דען זענען מיר נישט שטאַרקער און מעכטיקער פאַרן בינען־פאָלק? ביז איצט האָט יעדע מלחמה תמיד פאַרגרעסערט אונזער רום. ווי אַזוי וועל איך זיך איצט קענען ווייזן פאַר אונזער מלכה נאָך דערדאָזיקער מפלה?" און איינגאַנצן ציטערנדיק פאַר גרימצאָרן האָט זי איבערגעחזרט: „ווו איז די סיבה דערפון, וואָס דאָ איז היינט געשען? נישט אַנדערש, דאָ איז געווען אַ פאַרראַט".

אַן עלטערע האָרן־בין, וואָס האָט געגאָלטן אַלס פריינדין פון דער מלכה, האָט דערויף געענטפערט:

„אמת, מיר זענען שטאַרקער און מעכטיקער, אָבער דאָס בינען־פאָלק איז אייניק און געטריי. דאָס איז אַ גרויסע מאַכט, וועלכע קיינער קען נישט גובר זיין. קיין איינציקע פון זיי וועט נישט פעלשן אין איר פאָלק, יעדע איינע דינט קודם־כל דעם וויל פון אַלע".

די פירערין האָט קוים זיך צוגעהערט צו אירע רייד.

„מיין טאָג וועט נאָך קומען", האָט זי געקריצט מיט די ציין. „וואָס קימערט מיר די קלוגשאַפט פון דידאָזיקע קליינבינער. איך בין אַ רויבער און כ'וויל שטאַרבן אַלס רויבער. אָבער איצט קעמפן וואָלט זיין אַ משוגעת. וואָס פאַר אַ נוצן וואָלטן מיר געהאַט, ווען מיר פאַרניכטן דעם גאַנצן בינשטאָק און קיין איינציקער פון אונז וואָלט זיך נישט אומגעקערט צוריק?" און זיך ווענדנדיק צום שליח, האָט זי אויסגערופן:

„פאָדער די טויטע. מיר טרעטן אָפּ".

אַ שווער שטילשווייגן איז געווען דער ענטפער אויף אירע רייד. דער שומר איז אָפּגעפלויגן.

„מיר קענען זיך ריכטן אויף אַ נייעם שפּיצל פון פיינט,

כאָטש כ'גלויב נישט, אַז די האָרן־בינען זאָלן נאָך האָבן גרויס חשק צו קעמפן", האָט די בינען־מלכּה געזאָגט, ווען זי האָט געהערט דעמדאָזיקן באַשלוס פון די שונאים. זי האָט באַפוילן, אַז צוויי נייע זעלנער־אָפּטיילונגען זאָלן שיצן דעם איינגאַנג און אַז די וואַקס־צוגרייטערינס און דער אַריערגאַרד זאָלן אַרויסראַמען די טויטע פון דער שטאָט.

און אַזוי איז געשען. איבער בערג פון טויטע האָט מען לאַנגזאַם געשלעפּט צום אַרויסגאַנג איין רויבער־מת נאָכן צווייטן און זיי אַרויסגעוואָרפן. אין שווערן שוויגן האָט די מחנה האָרן־בינען געוואַרט קעגנאיבער אויף דעם בלאָען טענען־בוים און צוגעזען, ווי די קערפּערס פון די געפאַלענע זינקען אַראָפּ, איינער נאָכן צווייטן, אויף דער ערד. ס'איז געווען אַ בילד פון גרעניצלאָזן טרויער, וועלכן די אויפשטייגנדיקע זון האָט באַשיינט. איין־און־צוואַנציק אומגעקומענע, וועלכע זענען גע־שטאָרבן מיט אַ רומרייכן טויט, האָבן זיך געוואַלגערט אין גראָז אונטער דער געראַטעוועטער שטאָט. קיין איין טראָפּן האָניק און קיין איינציקער געפאַנגענער זענען נישט אַריינגע־פאַלן אין די הענט פון שׂונא. די האָרן־בינען האָבן צונויפגע־קליבן זייערע טויטע און אָפּגעפלויגן, די שלאַכט איז געווען פאַרענדיקט און דאָס בינען־פאָלק איז אַרויס מיט נצחון.

אָבער מיט וויפל קרבנות האָט מען באַצאָלט פאַרן דאָ־זיקן זיג! אומעטום האָבן זיך געוואַלגערט טויטע, אויף די גאַסן און קאָרידאָרן, אויף די טונקעלע פּלעצער פאַר די פּאָפּ־קעס־און האָניק־שרענק. אין דאָזיקן שיינעם זומער־פרימאָרגן, וואָס איז פול געווען מיט בלומען־בליעכץ און זונענשיין, איז אין בינשטאָק געגאַנגען אַ טרויעריקע אַרבעט. די טויטע האָט מען געמוזט אַרויסוואַרפן און די פאַרוווּנדעטע — איבערבינדן. אָבער נאָך פאַר האַלבן־טאָג איז דער בינשטאָק שוין צוגעטרעטן צו זיין געוויינלעכער אַרבעט. די בינען האָבן נישט געפייערט זייער נצחון, אָבער אויך נישט לאַנג געטרויערט איבער זייערע טויטע. יעדער האָט זיין שטאָלץ און שמערץ געטראָגן שטיל פאַרבאָרגן אין האַרצן, געטאָן זיין אַרבעט און דערפילט זיין פליכט. אַ מערקווירדיק פאָלק — אָט די דאָזיקע בינען!

### דאָס זיבעצנטע קאַפּיטל

# די פריינדין פון דער מלכה

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער מלחמה־ליאַרעם, האָט זיך די קליינע מאַיאַ אויפגעכאַפּט פון איר קורצן הינערפּלעט־שלאָף. מיט דער מינוט האָט זי זיך געשטעלט אויף די פיס און געוואָלט אַרויסלויפן, כדי אָנטיילצונעמען אין דער פאַר־טיידיקונג פון דער שטאָט, אָבער זי האָט גלייך געשפּירט, אַז אירע כחות דינען איר נישט און אַז זי קען קיין שום הילף נישט ברענגען.

אַ גרופּע קעמפנדיקע האָט זיך פאַרביי־געקייקלט נאָענט פון איר. אַ יונגע, שטאַרקע האָרן־בין, לויט איר צייכן אַן אָפיציר. ווי מאַיאַן האָט זיך אויסגעדאַכט, האָט זיך איינע אַליין פאַר־טיידיקט קעגן אַ געוואַלטיקער מאַסע בינען. לאַנגזאַם האָט זיך דער קנויל געקייקלט אַלץ נעענטער. מאַיאַ האָט מיט שרעק גע־זען, ווי איין בין נאָך דער צווייטער איז געבליבן טויט. אָבער דער ריז איז געווען צו באַלעסטיקט. אויף דיינע הענט, פיס און טאַפּערס זענען געהאָנגען מחנות זעלנער, וועלכע וואָלטן זיך בעסער געלאָזט טויטן, איידער אים אָפּלאָזן. די ערשטע בינען־שטאָכן האָבן שוין אַריינגעדרונגען דורך די פאַנצער־רונגען אין דער ברוסט פון ריז. מאַיאַ האָט געזען, ווי ער איז געבליבן אָן כוחות און געפאַלן צו דער ערד. שטום, נישט געקלאָגט אין קעמפנדיק ביזן לעצטן אָטעם, איז ער געשטאָרבן מיט זיין

רויבער-טויט. ער האָט נישט געבעטן קיין רחמים, און קיין זידל-וואָרט איז נישט געקומען איבער זיינע ליפּן.

ווי נאָר ער איז אַנידערגעפאַלן, האָבן די בינצן גלייך געאיילט צום אַריינגאַנג, כּדי זיך ווידער צו וואַרפן אין קאַמף. דאָס האַרץ פון דער קליינער מאַיאַ האָט געגומען קלאַפּן האַסטיק און הייס, ווען זי האָט דאָס דערזען. שטיל האָט זי זיך פאַרגנבעט צום גוסס. צוזאַמענגעדרייט איז ער שטיל געלעגן אין דער טונקלקייט, אָבער ער האָט נאָך געאָטעמט. מאַיאַ האָט אָנגעציילט צוואַנציק שטאָכן, די מייסטן פון זיי זענען געווען פון פאָרנט און זיין גאָלדענער פאַנצער איז נישט געווען באַשעדיקט. ווען מאַיאַ האָט דערזען, אַז ער לעבט נאָך, איז זי שנעל אַוועקגעלאָפן און געבראַכט וואַסער מיט האָניק, כּדי דעם לעצטן מאָל צו דערפרייען דעם גוסס, אָבער ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין און עס אָפּגעוואָרפן מיט דער האַנט.

„וויל איך וואָס האָבן — נעם איך עס אַליין", האָט ער שטאָלץ געזאָגט, „קיין בעטל-ברויט וויל איך נישט".

„אָ", האָט די קליינע מאַיאַ געזאָגט, „כ'האָב געמיינט, אפשר האָט איר דאַרשט".

דער יונגער אָפיציר האָט אַ שמייכל געטאָן צו דער קליינער מאַיאַ און געזאָגט אייגנאַרטיק ערנסט און כּמעט אָן טרויער: „כ'מוז שטאַרבן".

די קליינע בין האָט נישט געקענט ענטפערן. זי האָט צום ערשטן מאָל באַגריפן וואָס דאָס הייסט אַזוינס, ווען מ'מוז שטאַרבן. איר איז פאַרגעקומען, אַז דער טויט איז איר אַ סך נעענטער געוואָרן, איצט, ווען אַן אַנדערער מוז אים דורכליידן, איידער דאַמאָלסט, ווען זי אַליין האָט אים אָפּגעוואַרט אין נעץ פון דער שפּין.

„ווען איך זאָל עפּעס קענען טאָן פאַר אייך", האָט זי געזאָגט און זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

דער גוסס האָט איר מער נישט געענטפערט. ער האָט אויפגעעפנט זיינע אויגן נאָך איינמאָל און טיף אָפּגעאָטעמט צום לעצטן מאָל.

אין אַ האַלבע שעה אַרום איז ער צוזאַמען מיט זיינע געטרייטע חברים אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אין גראָז פון שטאָט-טויער. אָבער די קליינע מאַיאַ האָט שוין קיינמאָל נישט פאַר-געסן, וואָס דערדאָזיקער קורצער אָפּשייד האָט איר געלערנט. ס'האָט זיך אויף אייביק איינגעקריצט אין איר וויסן די דער-קענטניש, אַז אויך די שונאים אירע זענען דיזעלבע וועזנס ווי זי אַליין, אַז זיי האָבן ליב זייער אָרים לעבן, ווי זי אַליין, און אַז זיי האָבן געמוזט שטאַרבן דעם שווערן טויט אָן שום הילף. נישט ווילנדיק האָט זי זיך דערמאָנט וועגן בלומען-עלף, וועל-כער האָט איר דערציילט וועגן זיין צוריקקער אין יעדער נייער בלי-תקופה פון דער נאַטור, און זי האָט שטאַרק חשק געהאַט צו וויסן, צי אויך די אַנדערע וועזנס, וועלכע שטאַרבן מיטן ערדישן טויט, קערן זיך אום צום ליכט.

„כ'וויל האָפן, אַז דאָס איז אַזוי", האָט זי שטיל געזאָגט. אָבער דאָ איז געקומען אַ שטאָפּעס און די גערופן צו דער מלכה.

מאַיאַ האָט שוין געפונען די הויף-סוויטע פאַרזאַמלט, ווען זי איז אַריבערגעטרעטן דעם אויפנאַם-זאַל פון דער מלכה. אירע פיס האָבן זיך אונטערגעבראָכן און זי האָט זיך קוים דערוועגט אויפצוהייבן די בליקן אין קעגנוואַרט פון איר הערשערין און אַזוי פיל חשובֿע לייט. צווישן די אָפיצירן, וועלכע האָבן גע-בילדעט דער מלכהס שטאַב, האָבן געפעלט נישט ווייניק פון די מוטיקסטע, און די שטימונג אין זאַל איז געווען זייער ערנסט און אויסערגעוויינלעך פייערלעך. אָבער אויף אַלעמענס פנימער איז געלעגן אויסגעגאָסן אַ גלאַנץ פון דערהויבנקייט, ס'האָט אויסגעזען, ווי דער באַוווסטזיין פון נצחון און נייעם רום האָט אַלעמען אַרומגענומען ווי מיט אַ פאַרבאָרגענער שיין.

דאָ האָט זיך די מלכה אויפגעהויבן פון איר אָרט, און איינע אַליין דורכגעגאַנגען צווישן אַלעמען צו דער קליינער מאַיאַ און זי אַרומגענומען.

אָך, אויף דעם האָט זיך מאַיאַ נישט געריכט, אויף דעם באַשטימט נישט, און איר פרייד איז אַזוי גרויס געווען, אַז די

האָט זיך פֿאַנאַנדערגעווייגט. דורך די פּאַרזאַמלטע איז אַדורך אַ טיפֿע באַוועגונג און ס׳איז, מסתּמא, נישט געווען קיין איינער צווישן זיי, וועד ס׳זאָל נישט האָבן געפֿילט דאָס גליק פֿון דער קליינער מאַיאַ און זאָל איר נישט דאַנקבאַר זיין פֿון טיפֿן האַרצן פֿאַר איר אַנטשלאָסנקייט און געוואַגטקייט, פֿאַר איר שנעלער וואָרנונג.

און דערנאָך האָט זי געמוזט דערציילן. יעדער איינער איז אַ בעלן געווען צו וויסן, ווי אַזוי איז דאָס געשען, וואָס זי האָט געוווּסט אויסגעצייכנט די פּלענער פֿון די האָרן-בינען, און ווי אַזוי איז איר געלונגען צו אַנטרינען פֿון דערדאָזיקער שרעקלעכער געפֿאַנגענשאַפֿט, פֿון וועלכער קיין איין בין האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געראַטעוועט.

און זי האָט דערציילט פֿון א׳ ביז ת׳ אַלדאָס וויכטיקע און באַדייטנדיקע, וואָס זי האָט איבערגעלעבט און דערפֿאַרן. וועגן שנוק מיט די שימערירנדיקע פֿליגלען, וועגן היישפּרינגער, וועגן דער שפּין טעקלאַ, וועגן פּוק און וועגן עלף. ווען זי האָט דערציילט וועגן עלף און וועגן דעם מענטשן, איז אין זאַל אַזוי שטיל געווען, אַז מ׳האָט געקענט הערן דורך די ווענט, ווי די טרעגערינס האָבן הינטער זיי, אין בינשטאָק, געקנאָטן וואַקס.

„וואָס זאָגט איר דערצו״, האָט די מלכה באַמערקט, „ווער וואָלט זיך דאָס ריכטן, אַז די עלפֿן זאָלן זיין אַזוי ליבנס-ווערדיק״.

און זי האָט אונטערגעשמייכלט פֿאַר זיך, פֿול מיט ווייטאָק און בענקשאַפֿט, ווי עס שמייכלען די, וואָס טרוימען וועגן שיינקייט.

און אַלע הויפּט-לייט פֿון די בינען האָבן אויך געשמייכלט אויף דעמזעלבן שטייגער.

„ווי איז געווען דאָס ליד פֿון דעם עלף?״ האָט די מלכה געפֿרעגט, „חזר עס אונדז איבער, עס זאָל זיך גוט איינ-קריצן אין זכרון״.

און די קליינע בין האָט נאָכאַמאָל איבערגעחזרט דאָס ליד פון עלף:

מיין זעל איז דער אָטעם, וואָס קומט
פון יעטוועדער שיינקייט.
די שטראַלט פון דער וועלט פון דער גאַנצער
אין געטלעכער ריינקייט.

אַ קליין ווײַלע האָט געהערשט שטילקייט, בלויז אין הינ־טערגרונט האָט אָפּגעקלונגען אַן איינגעהאַלטן שלוכצן. עמיץ האָט, כּסתּמא, זיך דערמאָנט וועגן אַ געפאַלענעם פריינט.

ווען מאַיאַ האָט ווייטער דערציילט און געריידט וועגן די האָרן־בינען, זענען אַלעמענס אויגן געוואָרן גרויס, שטיל און טונקל. יעדע איינע האָט זיך פאָרגעשטעלט אין דער לאַגע, אין וועלכער זייער שוועסטער האָט זיך געפונען נאָך מיט אַ גאַנץ קורצער צייט צוריק, און אַ שטילער ציטער איז אַדורך איבער אַלע רייען און אַלע האָבן טיף אָפּגעאָטעמט.

„מוראדיק", האָט די מלכּה געזאָגט, „באמת שרעקלעך"...

די הויפּט־לייט האָבן נאָר געזאָגט שטיל עפּעס ענלעכס.

„און אָט בין איך ענדלעך ווידער צוריקגעקומען", האָט מאַיאַ פאַרענדיקט איר דערציילונג, „און כ׳בעט טויזנטמאָל מ׳זאָל מיר מוחל זיין".

כ׳רעכן, אַלע וועלן דאָס גוט פאַרשטיין, אַז ס׳האָט זיך נישט געפונען קיינער, וואָס זאָל טראָגן אַ שנאה אויף דער קליינער מאַיאַ פאַר איר אַנטלויפן פון בינשטאָק. די מלכּה האָט איר אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן האַלז און ליטזעליק געזאָגט:

„דו האָסט נישט פאַרגעסן נישט דיין היים און נישט דיין פאָלק, טיף אין האַרצן ביסטו אונז געווען טריי, וועלן מיר אויך דיר זיין טריי. אין דער צוקונפט זאָלסטו זיין שטענ־דיק לעבן מיר און מיר העלפן אָנפירן מיט די מלוכה־עניינים. איך גלויב, אַז דיינע דערפאַרונגען און אַלץ וואָס דו האָסט זיך אויסגעלערנט, וועלן אויפן דאָזיקן אופן צום בעסטן אַלע־מען נוצן און פאַרווענדט ווערן לטובת דער מלוכה".

דער מלכּהס באַשלוס איז דורך די אָנווּעזנדיקע אויפגע־נומען געוואָרן מיט גרויס פרייד און ס'איז אַזוי געבליבן.

מיט דעם ענדיקט זיך די געשיכטע וועגן דער קליינער בין מאַיאַ און וועגן דעם, וואָס מיט איר איז פּאַרלאָפן. ס'איז באַוווּסט, אַז איר טעטיקייט האָט געבראַכט גרויס נוצן דער בינענשטאָט, אַז זי האָט דערוואָרבן גרויסן אָנזען און ליבע ביי איר פאָלק. פון מאָל צו מאָל, אין רויקע אָוונטן, ווען זי פלעגט ווערן כאַפּן אַ שמועס, פלעגט זי באַזוכן דאָס שטילע קעמערל, אין וועלכן קאַססאַנדראַ האָט נאָך אַלץ געלעבט, גע־נעסן איר האָניק־פּענסיע און זיך געעלטערט. דאָרט פלעגט מאַיאַ דערציילן די יונגע בינען די אַלע מעשיות, וועלכע סיר־האָבן צוזאַמען מיט איר איבערגעלעבט.

— ע נ ד ע —